## דר. יהושע בוכמיל

# א בריף צום ידישען פאלק



# וואָס דער „קרן היסוד" קאָן אויפטהון אין ארץ-ישראל:

1. דעם יודישען נאַציאָנאַל-פאָנד. רעכענענדיג דורכשניטליך צו צוויי פונט שטערלינג אַ דונאַם ערד אין א"י, קאָן מען קויפען 2.500.000 דונאַם ערד. רעכענענדיג דורכשניטליך צו 50 דונאַם אויף יעדער ווירטשאַפט פאַר איין פאַמיליע פון פינף נפשות קאָן מען אויף דער דאָזיגער שטרעקע האָבען גענוג באָדען פאַר 50,000 פאַמיליעס, אָדער 250,000 נפשות. 5.000.000 פונט שטערלינג.
2. פאַר לויפענדע אויסגאַבען. אויספאָרשונג, אימיגראַציע, ערציהונג. געזונדהייטס-אינסטיטוציעס, סאָציאַלען וואָהלזיין. 6.7500.000 פונט שט.
3. פאַר נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס. פאַר שוהל בנינים, שפּיטאָלען, לאַבאָראַטאָריעס, אוניווערזיטעט, העכערע טעכנישע שוהלען, אימי-גראַנטען-היימען, הייזער פאַר אַרבייטער, בעוואַלדונג, קאָאָפּעראַטיווע קרעדיטען. 6.750.000 פונט שט.
4. קאָמערציעלע אונטערנעהמונגען. בעוואַסערונג און עלעקטרישע קראַפט; קרעדיטען אויף צו בויען הייזער; קרעדיטען פאַר אַלע צווייגען פון לאַנדווירטשאַפט (אַגראַר-באַנק); אינדוסטריע און האַנדעלס-באַנק. 6.750.000 פונט שט.
5. די בענק פאַר לאַנדווירטשאַפט, פאַר אינדוסטריע און האַנדעל, פאַר הייזער-בויען וועלען אַרבייטען נישט נור מיט זייער אייגענע קאַפּיטאַ-לען, וועלכע וועלען געגעבען ווערען פון די געלדער פונ'ם קרן היסוד, נאָר פיעל מעהר מיט געבאָרגטע קאַפּיטאַלען, וועלכע וועלען צופליסען אין די בענק דורך אַרויסלאָזען פון אָבליגאַציעס דורך דעפּאָזיטען א. אַז. וו. דער קרן היסוד און די בענק וועלען צוציהען בעדייטענדע פּריוואַט-קאַפּיטאַלען קיין ארץ-ישראל.
6. דער קרן היסוד, די בענק און דער פּריוואַט-קאַפּיטאַל וועלען קאָנען ענטוויקלען אַ לאַנדווירטשאַפטליכע, אינדוסטריעלע און האַנדעלס-טע-טיגקייט, וועלכע וועט געבען די מעגליכקייט זיך צו בעזעצען אין א"י אויף פעסטע עקאָנאָמישע יסודות נישט וועניגער פון איין מיליאָן יודען, ד. ה. בילדען די יודישע נאַציאָנאַלע מעהרהייט אין לאַנד.
7. דער קרן היסוד איז די נויטיגע פינאַנציעלע גרונדלאַגע פאַר נאַציאָ-נאַלען קרעדיט, פאַר פּריוואַט קאַפּיטאַלען, פאַר אַלע קולטורעלע און סאָציאַלע אַנשטאַלטען אין ארץ-ישראל; דערפאַר מוז יעדער יוד מאַ-כען די גרעסטע געלד-קרבנות, כדי צו שאַפען אַם גיכסטען די 25.000.000 פונט שטערלינג פונ'ם יודישען נאַציאָנאַלען אוצר.

ד"ר יהושע בוכמיל.

# א בריף
# צום יודישען פאלק.

„קרן היסוד"
צענטראל-אמט פאר פוילען: סענאטארסקא 32.
ווארשא, תמוז, תרפ"א.

צו דיר, יודיש פאָלק, רוף איך אין דעם ענטשיידענעם מאָמענט פון דיין טראַגישער געשיכטע.

די אומגליקען און ליידען פון מיליאָנען פון דיינע זיהן און טעכטער שרייען צום הימעל.

די שווערד פון טיטוס׳עס אייזערנע געליאָנען, וואָס האָט פערגאָסען טייכען יודיש בלוט אויף די וועגען פון יהודה און אויף די גאַסען פון ירושלים, די פלאַמען פון אינקוויזיטאָרישען אויטאָ-דאַ-פע, דער גירוש פון שפאַניען, די אונצעהליגע רדיפות און וואַנדערונגען פון לאַנד צו לאַנד, די מערדערייען פון גאָנטא און כמעלניצקי, — די אַלע בלוטיגע געשעהענישען פון אונזער גלות-געשיכטע האָבען צוזאַמען גענקאָסט דאָס יודישע פאָלק אפשר וועניגער קרבנות, ווי דער וועלט-קריעג מיט זיינע פאָלגען, די רוסישע רעוואָלוציע און די פאָגראָמען אין די לענדער פון דעם געוועזענעם רוסלאַנד און עסטרייך.

אַ מענש מיט דער ווילדעסטער פאַנטאַזיע וואָלט ניט געקאָנט צוטראַכטען אַזעלכע פאָרמען פון מאָרד-טהאַטען, געוואַלד-אַקטען, ערנידערונגען און פיין, וועלכע די יודען פון מזרח-אייראָפא האָבען דורכגעטראָגען.

דער שונא האָט בעוויזען, ביז וואָס פאַר אַן׳אָבגרונד פון אונמענשליכקייט, בעסטיאַליטעט און פאַנטאַסטישען בלוטדאָרשט קאָן זיך אַראָבלאָזען אַ בלינדער, פרימיטיווער מענש.

הונדערטער טויזענדער פון אונזערע ברידער און שוועסטער זענען אונברחמנות׳דיג דערשאָסען, געקוילעט, פערברענט, דער-

טרונקען און מויטליך פֿערמוטשעט, געוואָרען דורך מערדערישע באַנדעס און חילות פֿון רוסלאַנד און אוקראַינא.

די מערדער האָבען זיך בענוצט מיט זייער מענשליכען שכל גאָר אויף צו פֿערגרעסערן, פֿערטיפֿען און פֿערביטערן פֿאַרן טויט די ערנידעריגונגען און די ליידען פֿון זייערע אונצעהליגע קרבנות.

אונטער דעם בעפֿעהל פֿון די מערדער האָבען די קרבנות געמוזט פֿאַר'ן טויט טאַנצען און זינגען, דאַן זיך אַליין אויסגראָבען אַ קבר, און ענדליך זעהען ווי לאַנגזאַם געמוטשעט און דערהרג'עט געוואָרען.

מען האָט צעריסען קינדער אין די אויגען פֿון זייערע פֿאָטערס און מוטערס; מען האָט פֿערגוואַלדעוועט מיידלעך און פֿרויען אין די אויגען פֿון זייערע עלטערן, מאַנען און ברידער; פֿון די דאַמפֿשיפֿען, וואָס געהען אויף דעם דניעפּער, האָט מען אַראָבגעוואָרפֿען אין טיפֿען טייך הונדערטער יודען, יודישע קינדער און פֿרויען; ווער ס'האָט געפּרובט אַרויסשווימען צום ברעג, איז מיט קוילען געטריבען געוואָרען צוריק אין אָפּגרונד.

די שוהלען אין וועלכע יודען האָבען זיך געוואָלט ראַטעווען, זענען אַרומגעצינגעלט פֿון די ווילדע באַנדיטען און אונטערגעצונדען געוואָרען; ווער ס'האָט געוואָלט אַרויסלויפֿען, איז געשאָסען אָדער געקוילעט געוואָרען; איינער פֿון הונדערט האָט געהאַט דאָס גליק זיך אָבצוראַטעווען אין אַ וואַלד אָדער אין אַ קעלער.

אין קיעוו און אין אַנדערע שטעדט האָט דאָס אַריינטרעטענדע חיל פֿון איין צד בעפֿאַלען די יודישע זעלבסטשוץ, זי אַרומגערינגעלט, ענטוואָפֿענט, אַוועקגעפֿיהרט אין וואַלד און דאָרט געפּייניגט און דערשאָסען, אונטער דעם אויסריד, אַז די יונגע לייט זענען געווען מיטהעלפֿער פֿונ'ם רוסישען צד. קיין שום ערווייזונגען פֿון בעגלויבטע קריסטליכע כלל־טוער, אַז די גרופּע יודען זענען אַ נייטראַלע יודישע זעלבסטשוץ, האָט ניט געהאָלפֿען. אַזוי זענען געפֿאַלען די יונגע יודישע העלדען, וואָס האָבען געוואָלט בעשיצען דאָס יודישע לעבען און גוטס!

אין אַנדערע שטעדט, ווי באָגוסלאַוו, ליטין, האָבען יונגע יודען געגרינדעט אַ מעכטיגע זעלבסטשוץ און מיט דעם גרעסטען העלדענמוט האָבען זיי אָבגעשטויסען פיעל באַנדיטען-אָנפאַלען פון זייערע שטעדט און אויך פון אַרומיגע שטעדטלעך. נאָך יעצט שטעהען די דאָזיגע יודען אויף דער וואַך און פערטיידיגען זייערע שטעדט פון די מערדער.

אָבער ניט אומעטום קאָן מען גרינדען אַ זעלבסטשוץ: די רעגירונג דערלאָזט ניט און קיין כלי-זיין איז ניט צו קריגען; און געגען רעגולערען חיל אָדער מעכטיגע מיליטעריש-בעוואָפענטע באַנדעס איז די זעלבסטשוץ מאַכטלאָז. אין אַזעלכע פאַלען ווערט די זעלבסטשוץ אויסגעקוילעט צוזאַמען מיט דער גאַנצער יודישער בעפעלקערונג.

די ערד פון אוקראַינא און פון רוסלאַנד איז אָנגעזאַפט מיט יודיש בלוט. עס זענען געבליבען הונדערטער טויזענדער יתומים און אלמנות. מיליאָנען יודען פון מזרח-אייראָפא זענען עקאָנאָמיש רואינירט און גייסטיג אונטערדריקט.

און יעצט וואָס שטעהט נאָך פאָר אין דער נאָהענטער צו-קונפט? דער בירגער-קריעג אין רוסלאַנד און אין אוקראַינא איז נאָך ווייט פון אַ סוף. אַלערליי באַנדעס און חיילות שלאָגען זיך די גאַנצע צייט מיט דער רויטער אַרמעע אין פיעל ערטער, וואו עס וואוינען יודען. אַ טויט-שרעק פאַלט אויף יודען, ווען ניט ווייט פון זייער שטאָדט קומט פאָר אַ שלאַכט! און אַזוי ווי בלוטיגע שלאַכטען קומען פאָר זעהר אָפט, לעבען יודען אין אַ שטענדיגען פחד פאַר זייער לעבען.

און אַזוי דויערט עס שוין יאָהרען! און מען זעהט ניט קיין סוף.

דאָס פאַלען פון דער ראַטען-רעגירונג ווערט ערוואַרט פון דער יודישער בעפעלקערונג מיט אונגעדולד פון איין זייט און מיט טויט-שרעק פון דער אַנדערער זייט. מיט אונגעדולד, ווייל דער באָלשעוויסטישער רעזשים מיט זיין עקאָנאָמישער פאָליטיק פון נאַציאָנאַליזאַציע, קאָנפיסקאַציע, רעקוויזיציע, פערבאָט פון פריוואַט-האַנדעל און פריוואַט-אינדוסטריע האָט רואינירט די גאַנצע

עקאנאָמישע גרונדלאַגע פון דער שטעדטישער בעפעלקערונג און בעזונדערס פון די יודען; מיט אונגעדולד, ווייל די באָלשע-וויסטישע רעגירונג האָט געשטעלט די גאַנצע יודישע בעפעלקע-רונג פון מיליאָנען נפשות אונטער דער מאַכט און דעם ווילקיר פון עטליכע הונדערט יודישע קאָמוניסטען, וועלכע האָבען פער-מאַכט די קהלות, פערבאָטען אין די שולען די העברעאישע שפראַך, פערפאָלגט די ציוניסטישע פאָלקס-בעוועגונג, זיך ניט גערעכענט מיט קיין שום פאָלקס-ווילען אין אַלע יודישע ענינים.

אָבער דאָס פאַלען פון דער ראַטען-רעגירונג ווערט ערוואַרט פון יודען אויך מיט טויט-שרעק, ווייל ביז יעצט איז דאָס די איינציגע רוסישע רעגירונג, אַחוץ דער צייטווייליגער רעגירונג פון קערענסקי, וואָס האָט ניט דערלאָזט קיין פאָגראָמען, וואָס האָט און'ברחמנות'דיג פער'משפט די פאָגראָמשטשיקעס און באַנדיטען צום טויט.

יאָ, דיזעלבע ראַטען-רעגירונג האָט דערשאָסען אפשר טוי-זענדער יודען, אָבער ניט אַלס יודען, נאָר אַלס פערברעכער געגען באָלשעוויסטישע געזעצען וועגען פריוואַט-הענדלער, שפעקולאַציע, מאָביליזאַציע, קאָנטר-רעוואָלוציע, א. אַז. וו. די באָלשעוויסטישע רעגירונג מאַכט ניט קיין שום אונטערשיעד צווישען יודען און קריסטען: אַלע שטעהען יעדע מינוט אונטער דער סכנה אַרעסטירט און אין אַ גאַנץ קורצער צייט דערשאָסען צו ווערען, אַלס בע-שולדיגטע אין אַ פערברעכען געגען די באָלשעוויסטישע דעקרעטען.

נאַטירליך, בעשטעהט די רויטע אַרמעע מערסטענטייל פון דיזעלבע רוסישע אונוויסענדע, פרימיטיווע פויערים, וועלכע מאַ-כען אויס דעם רוב פון די רעאַקציאָנערע אַרמעעס פון דעניקין, פעטליורא, קאָלטשאַק, מאַכנאָ א. אַז. וו., וועלכע מאַכען שחיטות אויף יודען. עס געלינגט ניט מיט אַ מאָל דער ראַטען-מאַכט אויס-צוואָרצלען פון איהרע סאָלדאַטען דעם יודען-האַס. עס טרעפט זיך ניט איין מאָל, אַז אַנ'אָבטיילונג פון דער רויטער אַרמעע פערגעסט אַלע גוטע און אויסגעהערטע אַגיטאַציאָנס-רעדעס און שטרענגע אינסטרוקציעס און בעפאַלט יודישע שטעדט און שטעדטלעך, ראַבעוועט און הרג'עט פונקט ווי די געוועהנליכע

מערדער. מיט אַזעלכע אָנפֿאַלען אויף יודען האָט זיך אויסגע־צייכענט בעזונדער די ווילדע קאַוואַלעריע פֿונ׳ם באָלשעוויסטישען גענעראַל בודעני, וועלכער האָט פֿערגאָסען פֿיעל יודיש בלוט.

עס איז פֿאַרהאַן פֿיעל סאָלדאַטען אין דער רויטער אַרמעע, וואָס דראָהען די יודען און זאָגען זיי צו, אַז זיי וועלען זיך נאָך אָברעכענען מיט זיי און איבערהויפט מיט די קאָמוניסטען; און מען מעג זיי זיכער גלויבען, אַז ביי דער ערשטער געלעגענהייט וועלען זיי האַלטען וואָרט!

אָפֿטמאָל טרעפֿט זיך, אַז אין אַ קאַמף מיט רעאַקציאָנערע חילות געהט איבער אַ טייל פֿון די רעאַקציאָנערע סאָלדאַטען צו דער רויטער אַרמעע, אָדער אויך פֿערקעהרט, אַ טייל פֿון דער רויטער אַרמעע געהט איבער צו די געגנער, און צוזאַמען וואַרפֿען זיי זיך אויף יודען און ראַבעווען און קוילען ביז זיי ווערען מיעד פֿון זייער בלוטיגער אַרבייט.

אָבער די גערעכטיגקייט פֿאָדערט צו זאָגען אָפֿען און דייטליך, אַז די ראַטען־רעגירונג, די גרויזאַמסטע מאַכט געגען איהרע שונאים, נעהמט אָן אַלע מעגליכע מיטלען, כדי צו פֿער־היטען פּאָגראָמען; די רעגירונג קעמפֿט געגען ווילדען יודען־האַס פֿון די סאָלדאַטען דורך פּראָפּאָגאַנדאַ, אַגיטאַציע, אויפֿקלערונג, אינסטרוקציעס, און בעשטראָפֿט זעהר שטרענג די שולדיגע.

די גרעכטיגקייט פֿאָדערט אויך צו זאָגען, אַז די ראַטען־רעגירונג פֿיהרט ענערגיש דורך די פֿולשטענדיגע גלייכבערעכטי־גונג, ד. ה. יורידיש האָבען יודען דערגרייכט יעצט דעם אידעאַל, צו וועלכען יודען פֿון אַלע לענדער האָבען תמיד געשטרעבט און וועלכען זיי האָבען אין די פֿרייסטע לענדער אויך דערגרייכט.

אָבער די ביטערע איראָניע פֿונ׳ם יודישען גורל בעווייזט יעצט, אַז מען קאָן זיין טיעף אומגליקליך אויך ביי גלייכבערעכטיגונג: אין דעם אָרעמען איבערגעקעהרטען רוסלאַנד הערשען הונגער, טיפֿוס־קראַנקהייטען, שרפֿות, טויט־שטראָף, בירגער־קריג, באַנדעס־אָנפֿאַלען, וואָס פֿערביטערן דאָס לעבען יעדע שעה און יעדע רגע.

די גלייכבערעכטיגונג האָט יעצט אַ קליינע בעדייטונג, ווייל זי ווערט דערטרונקען אין אַ ים פֿון בלוט און טרעהרען.

די יודען זיפּצען אונטער דעם אײַזערנעם יאָך פון דער קאָמוניסטישער דיקטאַטור. אָבער די יודען געבען זיך אָב אַ רעכנונג, אַז אויב די ראַטען-רעגירונג פאַלט, קאָן די יודישע בעפעלקערונג אַרײַנפאַלען פון׳ם פײַער אין פלאַם אַרײַן.

ווער וועט פערנעהמען דאָס אָרט פון דער געפאַלענער ראַ-טען-רעגירונג? אַ באַנדיטען גענעראַל, ווי דעניקין? אַ הײַדאַמאַקען-אַטאַמאַן, ווי פּעטליורא? און וויפיעל יאָהרען וועט בעדאַרפען רוסלאַנד און אוקראינאַ וואַרטען, אײידער אַ נאָרמאַלע, אײַראָפּעאישע-קאָנסטיטוציאָנעלע רעגירונג וועט בעוויַזען צו דיסציפּלינירען די צולאָזטע פאָלקס-מאַסען און וועט בעהערשען דאָס לאַנד?

אין דער איבערגאַנגס-צײַט פון דער ראַטען-אָרדנונג צו אַ נאָרמאַלער, רעכטליך-קאָנסטיטוציאָנעלער אָרדנונג, וויפיעל צעהנד-ליגער און פילײַכט הונדערטער טויזענדער יודען וועלען נאָך פאַלען אַלס קרבנות פון דעם אַנאַרכיסטישען באַנדאַטיזם, וואָס וועט זיך ערשט דעמאָלסט צוגיסען איבער׳ן גאַנצען לאַנד?

וויפיעל צעהנדליגער יאָהרען וועלען נאָך מוזען דורכגעהען אין רוסלאַנד און אפשר אויך אין די אײַראָפּעאישע לענדער, נאָכ׳ן פאַלען פון דער ראַטען-רעגירונג, אײידער די פעלקער וועלען פערשטעהען, אַז ניט די יודען זענען שולדיג אין דער באָל-שעוויסטישער רעוואָלוציע, נאָר רוסלאַנד׳ס גאַנצע געשיכטע, איהר עקאָנאָמישע און גײַסטיגע אָבגעשטאַנענקײַט אין צוזאַמען-האַנג מיט די פאָלגען פון׳ם וועלט-קריג.

דעם טעאָרעטישען באָדען פאַר דער סאָציאַליסטישער אָדער קאָמוניסטישער בעוועגונג אין רוסלאַנד האָבען געשאַפען נישט קײַן יודען נור סלאַווען, קריסטען; די וויכטיגסטע שריפ-שטעלער, קריטיקער, סאָציאָלאָגען און עקאָנאָמיסטען, וועלכע האָ-בען געקעמפט אין רוסלאַנד פיעל צעהנדליגער יאָהרען פאַר ראַ-דיקאַלע און סאָציאַליסטישע אָדער אַנאַרכיסטישע טעאָריען, זענען אַלע געוועזען קריסטען; מען קען ניט אָנרופען קײַן אײינציגען יודישען נאָמען צווישען די דיזאָזיגע שריפטשטעלער.

אַנאַרכיסטישע טעאָריען זענען אין רוסלאַנד ענטוויקעלט און געפּרעדיגט געוואָרען פון באַקונין, קראָפּאַטקין און טאָלסטאָי,

אַלע דרײַ „רײנע" סלאַווען; די סאָציאַליסטישע און ניהיליסטישע קריטיקער, ווי הערצען, דאָבראָליובאָוו, ביעלינסקי, טשערנישעווסקי, פיסאַרעוו, זענען אויך ניט געוועזען קיין יודען; אַ חוץ הערצען, וועלכער שטאַמט פון דײַטשען-קריסטען, זענען די איבריגע גע- וועזען אויך „רײנע" סלאַווען; די בעגרינדער פונ'ם רוסישען רע- וואָלוציאָנערען סאָציאַליזם, פּראָפעסאָר לאַווראָוו און ניקאָלײַ מיכײַלאָווסקי, זענען אויך געוועזען סלאַווען; ענדליך דער בע- גרינדער און אָרגאַניזאַטאָר פונ'ם רוסישען מאַרקסיזם, פּלעכאַנאָוו, איז אויך ניט געוועזען קיין יוד.

ביז'ן 1897-טען יאָהר, ווען עס איז געגרינדעט געוואָרען די יודישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטײ, דער „בונד", האָט אין דער רוסישער אימפּעריע איבערהויפּט נישט עקזיסטירט קיין אײנציגע יודישע סאָציאַליסטישע פּאַרטײ.

אין די רײהען פון די רוסישע סאָציאַליסטישע פּאַרטײען זענען געוועזען ווייניג יודען.

דער קאַמף פון די רוסישע סאָציאַליסטישע פּאַרטײ און שפּעטער פונ'ם יודישען „בונד" האָט געהאַט דעם פּראַקטישען צוועק צו אומוואַרפען די דעספּאָטישע און גרויזאַמע רעגירונג פון די צאַרען; די פּראָגראַמען פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטײען אין רוסלאַנד האָבען אָנערקענט די נויטווענדיגקייט פון אַ לאַנגער קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג נאָכ'ן פאַלען פון דעם צאַרישען רעזשים; עס האָט זיך דעמאָלט גאָרניט געהאַנדעלט וועגען אַ באַלדיגער קאָמוניסטישער רעוואָלוציע.

ערשט פיעל שפּעטער, עטליכע יאָהר פאַר דעם וועלט-קריג, ערשײַנט דער באָלשעוויזם, די יעניגע ריכטונג אין דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטײ, וועלכע האָט געהאַלטען פאַר מעגליך אַ באַלדיגע סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע און האָט געפאָ- דערט, אַז דאָס פּאַרטײ-פּראָגראַם זאָל ווערען געענדערט אין דעם זין. די דאָזיגע פאָדערונג האָט אַרויסגערופען די שפּאַלטונג פון דער ביז דאַן אײנהײטליכע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטײ אין צוויי פראַקציעס און שפּעטער פּאַרטײען: פון אײן זײַט, די מענ- שעוויסטישע פּאַרטײ, וועלכע איז געבליבען אויף דעם פריהעריגען

שטאַנדפּונקט פֿון אַ בורזשואַזער רעוואָלוציע, וועלכע איז די נויטווענדיגע פֿאָרגענגעריןּ פֿון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, און פֿון דער אַנדערער זייט, די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי, וועלכע האָט אָנגענומען דעם נייעם שטאַנדפּונקט פֿון אַ זאָפאָרטיגער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע.

דער איניציאַטאָר, דער טעאָרעטישער בעגרינדער און דער פּראַקטישער אָרגאַניזאַטאָר, דער אָנערקענטער פֿיהרער פֿון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי איז געווען לענין, אַ ריינער סלאַוויאַנער, ווי עס איז קענטיג נישט נאָר פֿון זיין ביאָגראַפּיע, נאָר אויך פֿון די זעהר כאַראַקטעריסטישע מאָנגאָליש-סלאַווישע ליניען פֿון זיין געזיכט.

אָבער פֿונ׳ם טעאָרעטישען באָלשעוויזם ביז דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע איז געווען אַזוי ווייט, ווי פֿונ׳ם הימעל ביז צו דער ערד.

דער וועלט קריג, וועלכער האָט מיליטעריש און עקאָנאָמיש צושמעטערט די רוסישע אָבגעשטאַנענע אימפּעריע פֿון פּויערים, די שוואַכקייט פֿון דער רוסישער בורזשואַזיע, וועלכע איז נישט געווען בכח איינצוהאַלטען אין איהרע הענד די מלוכה-מאַכט נאָך דעם פֿאַלען פֿון דער צאַרישער רעגירונג, די טויט-מידיקייט פֿון דער רוסישער אַרמעע און איהר שטרעבען צום שלום פֿאַר יעדען פּרייז, ענדליך די פֿאָלשטענדיגע אונפֿעהיקייט פֿון קערענסקי׳ס רעגירונג צוצופּאַסען איהר פּראָגראַם צום היסטאָרישען מאָמענט, דאָס גלויבען פֿון דערדאָזיגער רעגירונג, אַז מיט שעהנע רעדעס קען מען בעוועגען אַ טויט-מידע, צושמעטערטע, הונגעריגע, שלעכט בעוואָפֿענטע און דעזערטירענדע אַרמעע צום העלדען-קאַמף מיט אַזאַ שונא, ווי די מעכטיגע דייטשע אַרמעע, קערענסקי׳ס שטרעבען פֿאָרווערטס, קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אין דער צייט, ווען די אַרמעע האָט שוין קיין כח נישט געהאַט אַפֿילו זיך צוריק צו ציהען אין מיליטערישער אָרדנונג, — אָט די אַלע פֿערשידענע סבות האָבען געשאַפֿען דעם בעסטען באָדען פֿאַר דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע.

און דאָ איז שוין געשטאַנען גרייט דער פּאַסענדער מאַן

מיט זײַן פּאַרטײַ: מיט אַ זעלטענער ענטשלאָסענקײַט, מיט אַן׳אײַ־זערנער האַנד האָט לענין אויסגענוצט דעם גינסטיגען מאָמענט. דורך צוזאָגען צו שליסען תיכּף שלום, אבצוגעבען די פּויערים אונענטגעלטליך די ערד פון די גרונדבעזיצער, צו נאַציאָנאַליזירען די אינדוסטריע און דעם קרעדיט, אַזוי ווי דעם האַנדעל, אַרויס־צוגעבען די בעסטע געזעצען פאַר די אַרבײַטענדע קלאַסען, האָט לענין צוגעצויגען צו זיך דעם אַקטיווסטען טײַל פון דער רוסישער אַרמעע; די איבריגע טײַלען זענען זיך צולאָפען איבער די שטעדט און די דערפער.

די מאַכט איז אַרויסגעפאַלען פון די הענד פון קערענסקי׳ס רעגירונג כמעט אָהן אַ שום ווידערשטאַנד. דער באָלשעוויזם האָט טריאומפירט וועניגער דורך זײַן אײגענער קראַפט, ווי דורך דער שוואַכקײַט און אונפעהיגקײַט פון זײַנע געגנער.

אָט דאָס זענען געוועזען די אמת׳ע סטיכישע אומשטענדען, וועלכע האָבען געפיהרט און געבראַכט צו דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע; די יודען זענען אין דעם נישט פיעל מעהר שולדיג, ווי אַ מענש, וואָס לעבט נעבען אַ וואולקאַן איז שולדיג אין דער ערדציטערניש.

עס איז ריכטיג, אַז עטליכע יודען פערנעהמען בעדויטענדע פּאָסטענס אין דער ראַטען־רעגירונג; אָבער דאָס איז גאַנץ נאַטיר־ליך, ווײַל יודען זענען נישט קײַן דאָרפישע נור אַ שטעדטישע בעפעלקערונג, וועלכע איז בײַ אַלע פעלקער מעהר רעוואָלוציאָנער געשטימט, ווי די דאָרפישע בעפעלקערונג; דערצו האָבען יודען תמיד אַם מײַנסטען געליטען פון׳ם אַנטיסעמיטישען צאַריזם, וועל־כער האָט אַ טײַל פון זײ געטריבען אין די רײַהען פון די רעוואָ־לוציאָנערע פּאַרטײַען.

מען דאַרף אָבער נישט פערגעסען, דאָס צווישען די פּאַרטײַ־ען, וועלכע קעמפען געגען דעם באָלשעוויזם פערנעהמען יודען אויך זעהר וויכטיגע פּאָסטענס.

עס איז אויך ריכטיג, אַז פיעל יודען זענען געוואָרען בעַ־אַמטע אין די רעגירונגס־אַנשטאַלטען; אָבער עס איז זיכער, אַז דער גרעסטער טײַל פון די יודישע ווי אויך פון די קריסטליכע

בעאַמטע איז געצוואונגען צו דער דינענסט דורך מיליטערישע מאָביליזאַציאָנ'ס-דעקרעטען אָדער דורך דעם שרעקליכען הונגער און אַרבייטסלאָזיקייט, וועלכע הערשען אין די רוסישע און אוקראַינישע שטעדט; זעהר ווייניג פון די בעאַמטע דינען פון ליבע צום באָלשעוויסטישען רעזשים.

נישט די יודען האָבען געשאַפען דעם טעאָרעטישען באָלשעוויזם, נישט די יודען האָבען געגעבען די מיליטערישע קראַפט, וועלכע האָט דורכגעפיהרט און האַלט עד היום אונטער די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע; דער אמת איז, אַז יודען, אַלס אינדוס-טריעלע און האַנדעלס-בעפעלקערונג האָט אַם מייסטען געליטען און ליידעט נאָך יעצט פון דער באָלשעוויסטישער אָרדנונג, וועל-כע האָט צושטערט דעם עקאָנאָמישען לעבענס-פונדאַמענט פון דער גאַנצער יודישער בעפעלקערונג; אמת איז ווייטער, אַז די ראַטען-רעגירונג האָט אויסגעליעפערט די מיליאָנען יודישע בע-פעלקערונג פון רוסלאַנד און פון אוקראַינא דער ווילקירליכער מאַכט פון עטליכע הונדערט יודישע קאָמוניסטען, וועלכע האָבען פערמאַכט די יודישע קהלות, פערבאָטען די העבּרעאישע שפראַך אין די שולען, פערפאָלגט די ציוניסטישע פאָלקס-בעוועגונג, און איבערהויפט זיך נישט גערעכענט מיט קיין שום ווילען פון דער יודישער בעפעלקערונג; דאָס זענען די אמת'ע בעציהונגען צווי-שען יודען און דעם באָלשעוויזם.

אָבער די וועלט וויל דערפון נישט וויסען; סיי אין רוסלאַנד, סיי אין איבריגען אייראָפּא איז פאַרהאַן זעהר פיעל מענשען, אַפילו נישט קיין אַנטיסעמיטען, וועלכע לעגען אַרויף די גאַנצע שולד פונ'ם באָלשעוויזם אויף יודען. די דאָזיגע ליגנערישע, פאַל-שע בעשולדיגונג געגען יודען איז שוין געוואָרען אַ אונערשעפּלי-כער קוואַל פון יודען-העצע און יודען-האַס אין דער גאַנצער וועלט. פיעל אונשולדיגעס יודיש בלוט וועט נאָך פערגאָסען ווע-רען, ביז די וועלט וועט אַנערקענען איהר טעות.

און לעת-עתה איז דאָס יודישע לעבען אין מזרח-אייראָפּא אַזוי פערביטערט, אַז לעבעדיגע זענען מקנא די טויטע; דאָס לעבען איז געוואָרען אַ אונערטרעגליכע, צוועקלאָזע לאַסט און

מ׳איז מקנא די, וואָס האָבען שוין די לאַסט פון זיך אַראָבגעװאָרפען!

די יודישע בעפעלקערונג פון רוסלאַנד און אוקראַינא שטעהט צווישען צוויי פייערן; פון איין זייט דעם באָלשעװיזם, וועלכער מאַכט גישט קיין פאָגראָמען אָבער רואינירט עקאָנאָמיש און גייסטיג דאָס יודישע פאָלק, און פון דער צווייטער זייט, די רעאַקציאָנערען, ביי וועלכע דאָס איינפיהרען אָרדנונג און פריי-הייט אין לאַנד הויבט זיך אָן פון יודישע פאָגראָמען און שחיטות!

די יודען ווינשען דער ראַטען-מאַכט אַ מפלה, נאָר ווען די דאָזיגע רעגירונג ציהט זיך צוריק פון אַ געגענד און עס קומען אַהין די ווילדע חילות פון אַ דעניקין, אַ פעטליורא, אַ מאַכנא א. אַז. וו., הויבען די יודען אָן צו בעטען גאָט, אַז די באָלשעװיקעס זאָלען צוריק קומען און זאָלען פערטרייבען די ווילדע רוצחים.

עס איז מיט די יודען אַזוי ווי מיט אַ שווער קראַנקען, וועלכער בעט ביי טאָג, אַז עס זאָל גיכער קומען די נאַכט, און ביי נאַכט ציטערט ער, אַז ער וועט נישט דערלעבען דעם פריה-מאָרגען!

אין דער פינסטערער שרעקליכער לאַגע, וועלכער איז געשאַפען געוואָרען אין מזרח-איראָפּא, זעהען די יודען פאַר זיך נאָר איין ליכטיגען שטערן, וואָס שיינט און רופט פון וויַטען, נאָר איין האָפנונג בלאָזט אַריין אַ אָטעם פון לעבען אין די פער-צווייפעלטע יודישע מאַסען, נור איין הייסער גלויבען בעגייסטערט זיי און האַלט זיי אויף: דאָס איז די האָפנונג אויף דער אויפ-לעבונג פון אונזער היסטאָרישען פאַטערלאַנד, ארץ ישראל, דער ווילען וויעדער אויפצובויען די יודישע נאַציאָנאַלע היים; די האָפנונג גיט אונז לעבען, קראַפט און מוט.

אויב עס איז נאָך פאַרהאַן אַ מיטעל צו פערבעסערן די בע-ציהונגען צווישען די יודען און די פעלקער פון די וועלט, אויב עס איז נאָך דאָ אַ מיטעל צו דערוועקען אין דער מענשהייט דאָס געפיהל פון רעספעקט פאַר דעם יודישען פאָלק, קאָן עס נור זיין איין מיטעל: די שאַפונג פון אַ יודיש-נאַציאָנאַלער פאָליטישער קראַפט אויף׳ן באָדען פון ארץ-ישראל.

דערמאָהנט זיך נור ווי אַזוי אין דער צייט פון וועלט קריג האָבען די גרויסמעכטע פון ביידע צדדים געחנפ׳עט און דורך צוזאָגען פון אַלערליי פריווילעגיעס און פון אייביגע פריינד-שאַפט, געשטרעבט צוציהען צו זיך די קלענסטע מלוכות, ווי למשל די שווייץ, דענעמאַרק, פּאָרטוגאַל, נאָרוועגען א. אז. וו.

פאַר יודען האָט מען געהאַט בשולדיגונגען אין שפיאָנאַזש, מאַסען-פערטרייבונגען פוג׳ם פראָנט, אונטערצינדונגען פון יודישע היזער, פאָגראָמען און שחיטות אין דער צייט, ווען פאַר קליינע פעלקער, וואָס לעבען אין זייער אייגענע לאַנד און האָבען עטליכע קאָרפוסען מיליטער, האָט מען אַרויסגעוויזען פריינדשאַפט, צוטרוי, רעספּעקט!

און אין פרידענס-צייטען איז די לאַגע אויך נישט אַנדערש: דאָס קליינע דענעמאַרק, די קליינע שווייץ, גריכענלאַנד, סערביען, נאָרוועגען האָבען אלע צוזאַמען כמעט דיזעלבע צאָהל איינ-וואוינער, ווי די צאָהל פון די יודען פון דער גאַנצער וועלט; אָבער יעדע איינציגע פון דידאָזיגע קליינע נאַציעס בעזונדער געניסט אין דער וועלט מעהר צוטרוי, רעספּעקט, פריינדשאַפט און אויך געלד קרעדיט, ווי די פונפצעהן מיליאָנען צוזייטע און צושפּרייטע יודען, וועַן זיי ווערען בעטראַכטען אלס נאַציע.

אַפילו אַ בעזיגטע, אַ געשלאָגענע נאַציע, וואָס זיצט אין איהר אייגען לאַנד, בלייבט נאָך אַלץ אַ קראַפט, פאַר וועלכער די מעכטיגסטע פעלקער האָבען פיעל מעהר דרך-ארץ ווי פאַר יודען. איך רעד שוין נישט פון אַזעלכע גרויסע פעלקער, ווי דאָס בעזיגטע אין 1871-טען יאָהר פראַנקרייך, צי דאָס היינטיגע געשלאָגענע דייטשלאַנד, צי דאָס צעריסענע ביז די לעצטע יאָהרען פוילען; די דאָזיגע גרויסע פעלקער האָבען אין די ערגסטע צייטען פון זייער געשיכטע געשפּילט אַ בעדייטענדע ראָלע אין דער וועלט, אָבער אַפילו אַ קליין און פערוואָרפען פאָלק, ווי די בורען פון טראַנסוואַל, וואָס זייער צאָהל איז פיעל ווייניגער פון צוויי מיל-יאָן נפשות, האָבען אַ יאָהר צייט געקאָנט מלחמה האַלטען מיט׳ן מעכטיגען ענגלאַנד, און נאָך זייער מפלה האָבען די בורען פאָרט בעקומען פון די זיגער, די ענגלענדער, די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָ-

מיגֶע, די פָאלשטענדיגֶע פרייהייט אין זייער לאַנד!

דָאס זעלבֶע איז געשעהֶען מיט די בֶּעזיגטֶע, פראַנצויזען אין קאַנאַדא, וועלכֶע געניסען יעצט פון דערזעלבֶער נאַציאָנאַלֶער גלייכבֶּערעכטיקייט ווי זייערֶע זיגער, די ענגלענדער.

אויב עס איז נויטיג געוועזען, אַז אַ וועלט־אורגאַן זאָל צוערשט אומבערענגען הונדערטער טויזענד יודען און עקאָנאָמיש רואיניערען מיליאָנען, כדי די מענשהייט זאָל אונז ענדליך געבען די מעגליכקייט וויעדער אויפצובויען אונזער לאַנד, דאַן בעווייזען מיר ניט די קרבנות, אבער פאַר יעדען פרייז מוז ארץ־ישראל ווערען אַ יודיש לאַנד: נור אונזער זעלבסטשטענדיקייט אין ארץ־ישראל קאָן אין יעדער צוקונפט פערהיטען פון די שרעקליכסטע קרבנות אַלע קומענדיגֶע יודישֶע דורות.

## די פרייהייט אין ארץ ישראל וועט אונז זיכער קאָסטען ווייניגער קרבנות אין מענשען און אין געלד, ווי די קנעכטשאפט אין גלות.

דאָס איז דאָס געזונדע געפיהל פון דעם טייל פון יודישען פאָלק, וואָס שטרעבט צו לעבען אין פרייהייט. דערפאַר האָבען זיך פיעל טויזענדער חלוצים אבגערופען אויף די בלוטיגֶע געשע־הענישען אין יפו און אין די קאָלאָניעס מיט דעם גרעסטען ווילען תיכף אריבער צו פאָהרען קיין ארץ־ישראל, כדי צו בעשיצען דאָס יודישע לאַנד.

אַלֶע ליידען און צרות פון אונזער שרעקליכער גלות־געשיכטע, די אונערהערטע פערפאָלגונגען, וועלכֶע דאָס יודישע פאָלק האָט איבערגעטראָגען אין די פינסטערע יאָהרהונדערטע, זייט עס איז פערטריבען געוואָרען פון זיין לאַנד—אַלעס האָט דאָס פאָלק געהאַט כח אויסצושטעהען, ווייל עס איז תמיד געוועזען טיעף דורכגעדרונגען מיט'ן גייסט פון זיין גערעכטיגקייט און מיט'ן פעסטען גלויבען אין זיין אויפלעבונג, אַלס אַ פריי, שטארק פאָלק אין זיין היסטאָרישען לאַנד.

און ווירקליך, מיר האָבען איבערגעלעבט די רוימישע לע־גיאָנען, די קאטוילישע אינקוויזיטאָרען, די אוקראַינישע בלוט־

פֿערגיסונגען פֿון פֿריִהער און פֿון איצטער, דאָס צאַרישע רוסלאַנד אַלע שרעקליכע שחיטות פֿון די לעצטע יאָהרען; דאָך אָבער האָט די העכסטע גערעכטיגקייט בעזיעגט: נאָך צוואַנציג יאָהרהונדערטע פֿון ליידען און פּיין זענען מיר אַ גרויס פֿאָלק פֿון פֿונפֿצעהן מיליאָנען נפֿשות, ווענענס גייסטיגע און אינטעלעקטועלע מאַכט מוזען אַנערקענען אַפֿילו זיינע ערגסטע שונאים!

אָבער וואָס פֿאַר אַ ים בלוט און טייכען טרעהרען האָט דער גלות אונז געקאָסט און קאָסט נאָך יעצט! וויפֿיעל שלעכטע, קראַנקהאַפֿטע אייגענשאַפֿטען האָט דער גלות אויסגעקריצט אין אונזער נשמה און אויף אונזער גוף!

וויפֿיעל מאָל שטאַרקער וואָלטען מיר געווען, ווען מיר וואָלטען געווען פֿערבליבען אין ארץ-ישראל די גאַנצע צייט, וואָס מען האָט אונז געמוטשעט אין די גלות-לענדער. מיר וואָלטען פֿאַר דער צייט געקאָנט האָבען אַ יודיש פֿאָלק ניִשט פֿון פֿונפֿצעהן, נור פֿון הונדערטער מיליאָנען נפֿשות; מיר וואָלטען געבליבען קרעפֿטיג און גייסטיג פֿיעל העכער, ווי מיר זענען יעצט; גאַנץ סיריען און מעסאָפּאָטאמיען וואָלטען געווען בעדעקט מיט יודישע בליהענדע דערפֿער און שטעדט, פֿול מיט רייכטום, מיט וויסענשאַפֿט און קולטור, און דאָס יודישע פֿאָלק וואָלט ניט געוועזען יעצט אין דער לאַגע פֿון אַ בעטלער, וואָס בעטעלט אויס זיין אייגען לאַנד ביי די אַלמעכטיגע פֿעלקער פֿון דער וועלט, נור פֿערקעהרט אין דער לאַגע פֿון אַ בעפֿרייער פֿון שוואַכע, פֿערפֿאָלגטע און ליידענדע פֿעלקער, אין דער לאַגע פֿון אַ פֿערטיידיגער פֿון אומגליקליכע און אונטערדריקטע.

ווער ווייסט, אפֿשר וואָלט דעמאָלט געהערשט אויף דער וועלט מעהר גערעכטיקייט און יושר.

די מעכטיגסטע פֿעלקער פֿון אונזער צייט האָבען מיט צוויי טויזענד יאָהר צוריק, ווען יודען זענען שוין געווען אַ גרויס קולטור-פֿאָלק אין ארץ-ישראל, נאָך גאָרניט אָנגעהויבען זייער היסטאָרישׁ-נאַציאָנאַל לעבען. די יעצטיגע הויך-ענטוויקעלטע, רייכע און מעכטיגע פֿעלקער, ווי די ענגלענדער, דייטשען, פֿראַנצויזען, זענען אין יענע צייטען נאָך געווען האַלב ווילדע, שוואַכע

אִין צָאהל און צְווָארְפֶענְעָ אוֹיף גרויסְעָ טֶערִיטָארִיֶעס שבטים, וואָס הָאבֶּען שטֶענדִיג גֶעפִיהרט מלחמות צווישֶען זיך, בִּיז עֶנדלִיך זַיִי זֶענֶען אַלֶע אונטערגֶעגַאנְגֶען אונטער דעם אַייזֶערנֶעם יאָך פון די רוימֶער; אָבֶּער זַיִי אַלֶע זֶענֶען פֶערבּלִיבֶּען אִין זַיִירֶע לֶענדֶער און זֶענֶען אויסגֶעוואַקסֶען מִיט דער צַייט צוּ גרויסאַרטִיגֶע, צִיוִוי־לִיזִירטֶע פֶעלקֶער, וואָס הֶערשֶען אִיבֶּער דער וועֶלט.

**פאַר זייער וואַקסען, פאַר זייער פרעכטיגע ענט־וויקלונג, פאַר זייער מאַכט און וועלט=הערשאַפט האָבען די ענגלענדער, דייטשען און פראַנצויזען בע=צאָהלט אַ פיעל קלענערען פרייז, ווי די יודען פאַר זייער קנעכטשאַפט אין גלות!**

אָבֶּער יֶעצט אִיז עֶנדלִיך גֶעקוּמֶען די צַייט, ווען דאָס יודִישֶע פאָלק וועט קאָנֶען לֶעבֶּען און עֶנטווִיקלֶען אַלֶע זַיינֶע פֶעהִיגקַייטֶען נִישט בֶּעצָאהלֶענדִיג אַזאַ בּלוּטִיגֶען, בִּיטֶערֶען פרַייז פאַר זַיין עֶקזִיסטֶענץ, ווִי בִּיז יֶעצט.

די מֶעכטִיגֶע עֶנגלִישֶע נאַציֶע, וועמֶענס אַיידֶעלסטֶע און גרֶעסטֶע זִיהן האָבֶּען שוין לֶענגֶערֶער צַייט אַרויסגֶעווִיזֶען דאָס טִיעפֶע מִיטגֶעפִיהל צוּ די יודִישֶע שטרֶעבּוּנגֶען צוּ ארץ־ישראל, האָט אונ־טער דעם אַיינפלוס פון די וועֶלט־גֶעשֶעהֶענִישֶען פֶערעפֶענטלִיכט דורך לאָרד ראָטשִילד, דעם 2־טען נאָוועמבֶּער 1917־טען יאָהר אַ אָפִיציעֶלֶער דעקלאַראַציֶע צוּ דער ציוֹנִיסטִישֶער וועֶלט־אָרגאַנִי־זאַציֶע. אִין דער דעקלאַראַציֶע דרִיקט אויס די עֶנגלִישֶע רעֶגִירוּנג אִיהר מִיטגֶעפִיהל צוּ די יודִישֶע שטרֶעבּוּנגֶען צוּ גרִינדֶען אִין ארץ־ישראל אַ נאַציאָנאַלֶע היים פאַר׳ן יודִישֶען פאָלק און זאָגט צוּ מִיטצוּהעֶלפֶען, אַז די יודִישֶע שטרֶעבּוּנגֶען זאָלֶען ווערֶען פֶערווִירקלִיכט.

מִיר קאָנֶען אַלֶע דעם נאָמֶען פוּנ׳ם גרויסמוּטִיגֶען מאַן, וועֶלכֶער האָט גֶעצַייכֶענט די דאָזִיגֶע הִיסטאָרִישֶע דעקלאַראַציֶע. דער נאָמֶען פון באַלפור אִיז טִיעף אויסגֶעקרִיצט אִין האַרצֶען פוּנ׳ם יודִישֶען פאָלק. אונזערֶע ווַייטֶעסטֶע אַיינִיקלֶעך וועֶלֶען מִיט לִיעבֶּע און אַכטוּנג דערמאָהנֶען דעם דאָזִיגֶען גרויסֶען נאָמֶען.

דעם 24 אַפּריל 1920-טען יאָהר אויף דער קאָנפערענץ, וואָס די פאָרשטעהער פון די פערבינדעטע גרויסמעכטע, ענגלאַנד, פראַנקרייך, איטאַליען און יאַפּאַן, האָבען אָבגעהאַלטען אין סאַן-רעמא, איז די באַלפור-דעקלאַראַציע, נאָך דעם אויסהערען פון די פאָרשטעהער פון דער ציוניסטישער וועלט-אָרגאַניזאַציע, איינשטימיג אָנגענומען געוואָרען. ענגלאַנד האָט בעקומען פון די פערבינדעטע מלוכות דעם מאַנדאַט צו פערוואַלטען ארץ-ישראל מיט'ן צוועק צו שאַפען אין לאַנד אַ יודישע נאַציאָנאַלע היים.

אַ אונבעשרייבליכען ענטוזיאַזם האָט אַרויסגערופען דער בעשלוס פון סאַן-רעמא ביי די יודישע פאָלקס-מאַסען פון דער גאַנצער וועלט. אויף אונצעהליגע מיטינגען, פערזאַמלונגען און גאַסען-מאַניפעסטאַציעס האָבען מיליאָנען יודען אויסגעדריקט זייער דאַנקבאַרקייט ענגלאַנד און די גרויסמעכטע, זייער טיעפסטע פרייד און זייער גרייטקייט צו טהון אַלעס מעגליכע, כדי אויסצונוצען די גליקליכע געלעגענהייט, וואָס איז געגעבען געוואָרען דורך דעם בעשלוס פון סאַן-רעמאַ.

## דערמיט האָט דאָס יודישע פאָלק זיך מאָראַליש פערפליכטעט אָפען פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז עס וועט אָננעהמען אַלע מיטלען, כדי אויפצובויען ארץ-ישראל.

פון דער צייט אָן איז שוין אַוועקגעגאַנגען מעהר ווי אַ יאָהר, און וואָס איז אָבגעטהון געוואָרען פאַר די דריי הונדערט אַכציג טעג? זעהר וועניג, שרעקליך וועניג! ווי קומט עס?

ווייל דאָס אויפבויען פון ארץ-ישראל פאָדערט נישט נור קרעפטיגע און געטריייע אַרבייטער, וועלכע, ווי מיר ווייסען, רייסען זיך מאַסען-ווייז קיין ארץ-ישראל, נור אויך גרויסע געלד סומען, מיליאָנען פונטען שטערלינג.

מיר מוזען קויפען וואָס מעהר באָדען, מיר מוזען בויען טויזענדער און טויזענדער הייזער פאַר די מאַסען אימיגראַנטען, מיר מוזען בעוואַלדיגען די נאַקעטע בערג און אויסטרוקענען בלאָטעס, בעוואַסערן פעלדער און מאַכען וואַסער-רעזערוואואַרען,

אויסנוצען די וואַסער-קראַפט פונ׳ם ירדן און פון אַנדערע טייכען פונ׳ם לאַנד, כדי צו שאַפען עלעקטריציטעט פאַר די הייזער, טראַמוויען, פאַבריקען א. אז. וו. מיר מוזען גרינדען קאָלאָניעס און שטעדט מיט אַלע מאָדערנע קולטור-אַנשטאַלטען; מיר מוזען פערוואַנדלען אַ פערלאָזט לאַנד אין אַ בליהענדען גאָרטען, אין וועלכען עס זאָלען קאָנען פיהרען אַ קולטור לעבען עטליכע מיליאָן מענשען.

און אויפצובויען אַזוי פיעל נויטיגע זאַכען, מוזען מיר האָבען געלד, ניט נור פריוואַט קאַפיטאַל, נור נאַציאָנאַלע קאַ-פיטאַלען און גאַנץ גרויסע קאַפיטאַלען. און די געלדער וואָס זענען נויטיג, וואָס די ציוניסטישע וועלט אָרגאַניזאַציע פאָדערט פונ׳ם יודישען פאָלק, זענען נאָך אַלץ ניטא!

די לאָנדאָנער ציוניסטישע קאָנפערענץ, וועלכע האָט זיך פערזאַמעלט נאָך דעם בעשלוס פון סאַן-רעמאָ, האָט בעשלאָסען צו גרינדען אַ נאַציאָנאַלען אוצר, אַ קרן היסוד פון פונף און צוואַנציג מיליאָן פונט שטערלינג, כדי צו קאָנען אָנהויבען די גרויסע אויפבוי-אַרבייט אין ארץ-ישראל. אָבער די געלדער זאַמלען זיך זעהר לאַנגזאַם. די צייט פליהט און אין ארץ-ישראל ווערט געטהון אַלץ קליינינקייטען, לויט די קליינע געלדער, וואָס מען זאַמעלט, אָבער ניט לויט דעם גרויסען צוועק, וועלכען מען האָט זיך געשטעלט.

דער גלויבען סיי פון די גרויסמעכטע, סיי פון די אַראַבער פון ארץ-ישראל, אַז יודען זענען בכח אויפצובויען זייער לאַנד, פאַלט פון טאָג צו טאָג.

דאָס פאָליטישע לעבען געהט יעצט מיט אַ שנעלערען טעמפאָ, ווי פאַר דער מלחמה; אויב יודען פערגרעסערן ניט זייער צאָהל אין ארץ-ישראל, אויב מיר פערנעהמען ניט קיין נייע פאָזיציעס יעדען טאָג, ווערען אין דער צייט די אַראַבער פונ׳ם לאַנד אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. וואָס שפעטער, וועט אונז אַלץ שווערער זיין צו בעקומען דעם פלאַץ, וואָס מיר מוזען פערנעהמען אין ארץ-ישראל.

דעם 1, 2, 3 מאַי ה. י. האָבען די אַראַבער, אונטער דעם איינפלוס פון קריסטליכע און מוסולמענישע שונאים פון אונזער ענטוויקלונג אין ארץ-ישראל, זעהענדיג אונזער קליינע צאָהל אין לאַנד, געפרובט דורך אַלגעמיינע מערדערישע אָנפאַלען אויף יודען מאַכען בעצייטענס מיט אַמאָל אַנ׳עק צום גאַנצען יודישען ישוב. צעהנדליגער יודען זענען דער׳הרג׳עט געוואָרען, הונדערטע פער-וואונדעט געוואָרען; אַ פּאָר קליינע קאָלאָניעס זענען פערברענט געוואָרען, אין חדרה האָט מען צוראַבעוועט און פערברענט אַ טייל הייזער, אין אַנדערע קאָלאָניעס האָט מען צוטראָטען די די קאָסטבאַרע פלאַנטאַציעס.

עס ווייזט אויס, אַז די אַראַבער האָבען געהאַט אַ פּלאַן צו צוראַבעווען און צו פערברענען אַלע קאָלאָניעס און אויסקוילען די גאַנצע יודישע בעפעלקערונג סיי אין די קאָלאָניעס, סיי אין די שטעדט.

די יודישע זעלבסטשוץ אין יפו, אין חדרה, אין פתח-תקוה אין רחבות האָט העלדיש געקעמפט געגען טויזענדער אַטאַקירענדע אַראַבער. אָבער יודען זענען געוועזען ווייניג אין צאָהל, ווייל אין לאַנד זענען נאָך אַלץ די אַראַבער די גרויסע מעהרהייט. אָהן דער הילף פונ׳ם ענגלישען חיל וואָלטען די אַראַבער אויסגעפיהרט זייער מערדערישען פּלאַן. די יודישע קאָלאָניעס, וואָס זענען אַ פּרוכט פון מעהר פון דרייסיג יאָהר יודישער אַרבייט, אָפּפער און פיעל מיליאָנען געלד. וואָלטען אין איין טאָג פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַש. פון 80-90 טויזענד יודען וואָלט אפשר נישט געבלי-בען קיין זכר, און דאָס גאַנצע יודישע פאָלק וואָלט מיט אַמאָל פערלוירען זיין העכסטע האָפנונג, זיין ליכטיגע צוקונפט!

דאָס יודישע פאָלק שטעהט אַצינד פאַר דער גרעסטער און שרעקליכסטער פראַגע פון זיין לעבען: ווילען מיר דערלאָ-זען, אַז אַזאַ אומגליק זאָל זיך מיט אונז טרעפען? ווילען מיר ווייטער אויך אַזוי לאַנגזאַם און ווייניג געבען אונזער געלד פאַר׳ן הייליגסטען צוועק, ווי ביז יעצט? דאַן מעגען מיר זיך געזעגענען מיט אונזער לאַנד אויף אייביג און דערמיט אויך מיט דער גאַנ-צער יודישער צוקונפט!

אַזוֹי ווי בּיז יעֶצט קאָן אוּן טאָר די קאָלאָניזאַציעֶ פוּן ארץ-ישראל ווייטעֶר נישט געֶהעֶן. מיט אַזאַ לאַנגזאַמקייט אוּן פוילקייט וועֶלעֶן מיר דאָס לאַנד קיינמאָל נישט בּעֶקוּמעֶן.

ארץ-ישראל, דאָס יוּדישעֶ לאַנד, וועט ווערעֶן אַלץ מעֶהר אַראַבּיש אוּן אוֹיף אייבּיג וועֶט עֶס זיין פערלוירעֶן פאַר׳ן יוּדישעֶן פאָלק.

יאָ, אוֹיף אייבּיג! ווייל אוּנטעֶר דעֶר טעֶרקישעֶר העֶרשאַפט מיט איהר שלעֶכטעֶר אוּן אוּנעֶהרליכעֶר פעֶרוואַלטוּנג איז ארץ-ישראל געֶבּליבּעֶן אַ פעֶרלאָזט לאַנד, וואוּ די אַראַבּישעֶ בּעֶפעֶלקעֶ-רוּנג האָט זיך נישט געֶקאָנט פעֶרמעֶהרעֶן אוּן עֶנדגילטיג פער-נעֶהמעֶן דאָס לאַנד, לעת-עתה האָבּעֶן אַראַבּעֶר נוּר אַ האַלבּעֶן מיליאָן נפשות אין אַ לאַנד, וואָס וואָלט געֶקאָנט עֶרנעֶהרעֶן עֶטליכעֶ מיליאָן מעֶנשעֶן.

פוּן דעֶר צייט אָן, וואָס די יוּדעֶן האָבּעֶן פעֶרלאָזט זייעֶר לאַנד, איז עֶס פאָליטיש געֶוועֶן אין אַלעֶרליי צייטעֶן אָקוּפּירט פוּן אַלעֶרליי פעֶלקעֶר. רוימעֶר, קריסטעֶן, מוּסוּלמעֶנעֶר האָבּעֶן געֶ-העֶרשט איבּעֶר ארץ-ישראל, אָבּעֶר קיינעֶר פוּן די פעֶלקעֶר האָט נישט פעֶרנוּמעֶן דאָס לאַנד אוֹיף אַזאַ אוֹפן, ווי למשל, די בּעֶלגיעֶר האָבּעֶן בּעֶזעֶצט בּעֶלגיעֶן, אָדעֶר די האָלעֶנדעֶר — האָלאַנד, אָדעֶר די עֶנגלעֶנדעֶר — ענגלאַנד, אוֹיף אַזאַ אוֹפן, אַז עֶס זאָל מעֶהר נישט בּלייבּעֶן קיין פּלאַץ פאַר אַנ׳אַנדעֶר פאָלק צוּ בּילדעֶן אַ נאַציאָנאַלעֶ מעֶהרהייט אין לאַנד דוּרך אַ מאַסעֶן אימיגראַציעֶ אוּן קאָלאָניזאַציעֶ. דאָס איז דער פּראַקטישער, ווי אויך דער פאָליטישער גרוּנד, פאַר וואָס יוּדען בּעזיצען זייער היסטאָריש רעכט אוֹיף ארץ-ישראל, פאַר וואָס דאָס דאָזיגע יוּדישע רעכט איז אין 2000 יאָהר נישט פער-עלטערט אוּן בּלייבּט עד היום אין פוּלער קראַפט.

יוּדען האָבּען געקאָנט וואַרטען אוֹיף ארץ ישראל כמעט 2000 יאָהר, ווייל ארץ ישראל האָט אויך די-זעלבּע 2000 יאָהר געוואַרט אוֹיף אַ פאָלק, וואָס

וואָלט בעאַרבײַט, קולטיווירט און געדיכט בעזעצט דאָס לאַנד. ביז אַצינד האָט קײַן שום פֿאָלק דאָס נישט געטהון; דערפֿאַר האָבען די יודען דאָס גרעסטע רעכט אויף ארץ ישראל, אַלס דאָס אײנציגע פֿון די לעבענדע פֿעלקער, וואָס האָט שוין אײן מאָל ארץ־ישראל בעזעצט אויף אַזאַ אופֿן, אַז קײַן שום אַנדער פֿאָלק האָט שוין דאָרט נישט געהאַט קײַן אָרט צו בלײַבען אַ נאַציאָנאַלע מעהרהײט.

אונזער היסטאָרישׁ לאַנד איז נאָך ביז יעצט נישט פֿערנו־מען; פֿאַקטישׁ וואָלטען יודען נאָך געהאַט אין ארץ־ישראל גענוג פּלאַץ אויף צו בילדען דורך אימיגראַציע און קאָלאָניזאַציע אַ נאַציאָנאַלע מעהרהײט אין לאַנד. אָבער עס בלײַבט נישט פֿיעל צײַט!

אונטער דער ענגלישער פֿערוואַלטונג, וועלכע פֿערגרעסערט גרינדליך און גיך די עקאָנאָמישע, היגיענישע און קולטורעלע בעדינגונגען פֿונ׳ם לאַנד, וועלען די אַראַבער שנעלער זיך פֿער־מעהרען; עס איז אויך נישט גאַנץ אויסגעשלאָסען, אַז אַראַבער פֿון אַנדערע לענדער וועלען קומען קײן ארץ־ישראל און די אַראַבישע בעפֿעלקערונג וועט אָנפֿילען דאָס גאַנצע לאַנד.

אויב די אַראַבער וועלען זיך שטאַרק פֿערמעהרען אין צאָהל און מיר לאַנגזאַם, אויב זײ וועלען אויפֿבויען דאָס לאַנד און מיר וועלען בלויז גרינדען פֿון צײַט צו צײַט אַ דערפֿיל, דאַן וועלען די אַראַבער מיט רעכט ווערען די אמת׳ע און אײנציגע בעלי־בתים פֿונ׳ם לאַנד, ווײַל יעדעס לאַנד געהערט נור דעם פֿאָלק, וועלכעס האָט עס בע־אַרבײַט און געדיכט בעפֿעלקערט. פֿאַר יודען וואָלט שוין דאַן קײנמאָל נישט געווען קײַן פּלאַץ אין ארץ־ישראל.

זאָלען יודען קלאָר און דײַטליך זיך אָבגעבען רעכנונג

פון דערדאָזיגער געפּעהרליכער לאַגע. אין פערגלייך צו אַזאַ נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע, וואָלטען אַלע ליידען פונ'ם גלות זיך אַרויסגעוויזען, אַלס אויבערפלעכליכע. ווייל אויף אַלע גוואַלדטאַ-טען האָבען מיר געענטפערט מיט דער טיעפסטער פעראַכטונג פאַר'ן שונא, מיט דער טיעפסטער איבערצייגונג אין אונזער גע-רעכטיקייט און מיט דעם פעסטען, אונערשיטערליכען גלויבען, אַז מיר וועלען ווידער אויפלעבען אין אונזער לאַנד, אַלס אַ פריי און גליקליך פאָלק.

אָבער, אויב דורך אונזער אייגענער שולד, דורך ליבע צו אונזער פערזענליכען פערמעגען, וועלען מיר פערלירען דאָס גרעסטע און הייליגסטע פערמעגען פונ'ם יודישען פאָלק; אויב מיר וועלען ווייזען פאַר דער וועלט, אַז מיר ווילען נישט, אַז מיר קאָנען נישט אויסנוצען די גרויסע מעגליכקייט, וואָס די קולטור-מענשהייט האָט אונז געגעבען צו בויען אונזער לאַנד; אויב עס וועט זיך אַרויסווייזען, אַז אַלע אונזערע תפלות, אין וועלכע מיר בעטען גאָט ער זאָל צוריק-קעהרען אין ציון, אַז דער פאָלקס ענטוזיאַזם, מיט וועלכען מיר האָבען אויפגענומען דעם בעשלוס פון סאַן-רעמאָ, אַלץ איז נור פוסטע ווערטער,—דאַן קאָנען מיר אַליין נישט גלויבען אין אונזער גערעכטיקייט, דאַן האָבען אַלע פעלקער רעכט נישט צו גלויבען, אַז יודען זענען אַ ערנסט און עהרליך פאָלק, וואָס איז ווערט מען זאָל איהם שעצען און אַכטען; דאַן האָבען אַלע ערגסטע שונאים רעכט אונז צו פעראַכטען, און מיר האָבען זיי גאָרנישט וואָס צו ענטפערען!

די יודישע האָפנונג, דער כבוד, די צוקונפט, אַלץ געהט פערלוירען אין דעם מאָמענט, ווען מיר

**פֿערלירען ארץ-ישראל דורך אונזער אייגענער שולד. דער גלות ווערט גרויזאַמער; די שונאים אונבּרחמנות'-דיגער, די יודישע ערנידערונגען — טיפֿער; אַ אייביגע פֿינסטערע נאַכט לאָזט זיך אַראָב אויפֿ'ן קאָפּ פֿונ'ם יודישען פֿאָלק!**

אַלע פֿעלקער פֿון דער וועלט זענען גרייט צו אָפּפֿערן מיליאָנען פֿון זייערע זיהן און מיליאַרדען פֿון זייער געלד, בּלויז צוליבּ דעם, אַז זיי זאָלען ניט פֿערליערען אַ קליינעם טייל פֿון זייער פֿאָטערלאַנד, אָדער צוליבּ דעם, וואָס זיי ווילען פֿערגרעסערן זייער טעריטאָריע דורך עראָבּערונג פֿון אַ פֿרעמד לאַנד. און דאָס יודישע פֿאָלק ווערט זיין דאָס איינציגע נידריג און נישטיג פֿאָלק, וואָס שעצט זיין געלד העכער פֿון זיין הייליגטום, העכער פֿון זיין פֿאָטערלאַנד, פֿונ'ם לאַנד פֿון זיינע מלכים, שופטים און נביאים, וואָס האָבּען געלערנט די גאַנצע וועלט פֿרייהייט, ערהליכקייט און גערעכטיקייט!

זענען מיר דען ווירקליך אַזוי טיעף געפֿאַלען? וועלען מיר מיט אונזער גלייכגילטיקייט צו דער העכסטער יודישער לעבּענס-פֿראַגע ווייזען דער וועלט אַ טרויעריגען בּיישפּיל פֿון אַ גרויס היסטאָרישע פֿאָלק, וואָס איז געפֿאַלען אַזוי טיעף, אַז עס האָט פֿערלוירען דעם נאַטירליכען חוש פֿון יעדען פֿאָלק, דאָס שטרעבּען צו זעלבּסטשטענדיקייט, די ליעבּע צו אַ אייגענעם לאַנד?

וועלען די שונאי-ישראל קאָנען בּעהויפּטען, אַז זיי האָבּען רעכט צו טרעטען אונז מיט די פֿיס, אַלס אַ פֿאָלק וואָס מוז לעבּען בּלויז אויפֿ'ן קערפּער פֿון אַנדערע פֿעלקער, און קאָן ניט אויפֿבּויען זיין אייגענע היים, זיין זעלבּסטשטענדיגעס לעבּען?

וועלען אונזערע אמת'ע קריסטליכע פֿריינד און פֿערטיידיגער מוזען צו אונז זאָגען: „מיר קאָנען אייך מעהר ניט העלפֿען און מעהר ניט שיצען, ווייל איהר ווילט אליין זיך ניט העלפֿען, איהר ווילט אליין זיך ניט בּעשיצען. וואָס האָט איהר אויפֿגעטהון זייט דעם בּעשלוס פֿון סאַן-רעמאָ? האָט איהר שוין דאָס נויטיגע געלד אַרויסגענומען פֿון די קעשענעס און אַריינגעטראָגען אין

דעם קרן קימת און דעם קרן היסוד? האָט איהר שוין בעזעצט אין ארץ-ישראל די ערשטע הונדערט טויזענד יונגע יודישע אַר-בייטער, וועלכע איהר האָט געדאַרפט און געקאָנט בעזעצען אין דער צייט? ווי אַזוי האָט איהר אויסגענוצט די דריי הונדערט אַכציג טעג, וועלכע זענען פערגאַנגען זייט סאַן-רעמאָ? איהר האָט נאָך אַלץ גאָרנית געטהון?! וואָס-זשע פאַר אַ ווערט קאָנען האָבען אין די אויגען פון ערנסטע פעלקער אייערע ענטוזיאַסטישע מי-טינגען, אייערע פייערליכע מאַניפעסטאַציעס, אייערע גרויסע פאָלקס-פראָצעסיעס לכבוד דעם בעשלוס פון סאַן-רעמאָ? ווען מען באַרט איהר אָב, זיך צי אַנדערע? די וועלט וואַרט מיט נייגעריג-קייט צו זעהען, ווי אַזוי איהר, יודען, וועט אויפבויען ארץ-ישראל און וועט זיך בעפרייען איין מאָל פאַר אַלע מאָל פון אַלע אייערע שונאים, ווי אזוי איהר וועט ענטוויקלען אייער שאפענדע אַרבייט אין אייער לאַנד. אָבער מען זעהט נאָך אַלץ גאָרנית! זייט-זשע גרייט, אַז אַלע אייערע פריינד וועלען זיך אָבזאָגען פון אייך, אייערע שונאים וועלען זיך פערמעהרען און פערשטאַרקען, און קיינער וועט נית קאָנען און וועט נית וועלען קעמפען געגען זיי, ווען בשעת אַ קריזיס, אַ מלחמה אָדער אונטער בעשולדיגונג פון פערראַט, וועלען זיי אויפרייצען די בלינדע פאָלקס-מאַסען, וועלכע וועלען זיך וואַרפען אויף יודען אין אַלע לענדער און וועלען מאַכען אַזעלכע שחיטות, וואָס יודען האָבען נאָך ביז אַציגד נית געזעהען!"

דאָס זענען די ווארנונגען, וועלכע עס וועלען אונז אַרויס-זאָגען די בעסטע אונזערע פריינד פון דער קריסטליכער וועלט, און מיר וועלען שטעהען מיט אַראָבגעלאָזטע קעפּ און מיר ווע-לען נית האָבען וואָס צו ענטפערען!

די שונאים, די אַנטיסעמיטען, זיי וועלען פאַר אונז האַלטען אַן'אַנדער רעדע: „דער בעשלוס פון סאַן-רעמאָ, וועלען זיי צו אונז זאָגען, האָט אייך געגעבען די בעסטע מעגליכקייט אויסצו-נוצען די גרויסע יודישע פעהיגקייטען, מיט וועלכע איהר ווילט בעגליקען די קריסטליכע פעלקער, געגען זייער ווילען, אין אייער אייגען לאַנד צוליב אייער אייגען פאָלק. די גרויסמעכטע האָבען

אײַך געגעבען אַ גלענצענדע געלעגענהײַט פּאַקטיש אַרויסצוּווײַזען, אויף וואָס איהר, יודען, טויגט. נאָר עס ווײַזט אויס, אַז איהר האָט פּאָלשטענדיג באַנקראָטירט. איהר האָט נאָך ביז אצינד גאָר־ניט אָנגעהויבען צו טהון פֿאַר אײַער לאַנד! און מיר זענען שוין צו מיעד פֿונ׳ם געפּילדער, פֿונ׳ם אײַביגען טומעל און רעש, וואָס איהר, יודען, מאַכט אָן אין אײראָפּאַ און אין דער גאַנצער וועלט מיט אײַער עקאָנאָמישער, סאָציאַלער און גײַסטיגער טעטיגקײַט. מיר ווילען ענדליך רוה, אָרדנונג. ביז עס וועט ניט ווערען אין אײראָפּאַ מיט עטליכע מיליאָן יודען ווייניגער, וועלען מיר קײַן רוה און אָרדנונג ניט האָבען. די צאָהל פֿון דער יודישער בעפֿעלקערונג אין די אײראָפּעאישע לענדער מוז פֿערקלענערט ווערען. און אויב איהר, יודען, ווילט ניט אָדער קענט ניט פֿערקלענערן אײַער צאָהל דורך דעם מיטעל, וואָס האָבען אײַך פֿאָרגעלעגט אײַערע פֿרײַנד פֿון סאַן־רעמאָ, קאָנען מיר אײַך פֿערזיכערן, אַז מיר וועלען געפֿינען אַנדערע מיטלען פֿון אײַך פּטור צו ווערען. עס איז זעהר מעגליך, אַז אונזערע מיטלען וועלען אײַך ניט געפֿעלען, נור די שולד וועט פֿאַלען אויף אײַך, ווײַל איהר האָט דאָס בעסערע מיטעל פֿון סאַן־רעמאָ, צוליב אײַער ליעבע צו געלד, צוליב אײַער גאָלד־דורשט, ניט געוואָלט אויספֿיהרען. דאָס האָבען מיר, אַנטיסעמיטען, שוין פֿון לאַנג פֿאָרויס געזאָגט, אַז יודען זענען ניט אימשטאַנד צו שאַפֿען אַ זעלבסטשטענדיגען יודישען ווירטשאַפֿטליכען אָרגאַניזם, זיי קאָנען נור עקספּלואַטירען פֿרעמדע פֿעלקער".

אַזוי וועלען אונז זאָגען די אַנטיסעמיטען פֿון אַלע לענדער, און אויך זיי וועלען מיר נישט קאָנען ענטפֿערען מיט טהאַטען, וועלכע זאָלען בעווײַזען דער וועלט אונזער ערנסטקײַט און גערעכטיגקײַט.

אַרומגערינגעלט פֿון שונאים, פֿערלאָזט פֿון פֿרײַנד, פֿעראַכטעט פֿון די פֿעלקער מעהר ווי אין די ערגסטע צײַטען פֿונ׳ם גלות, וועלען יודען נישט קאָנען אויסהאַלטען. אונטער די גרעסטע שמערצען, ערנידערונגען און צרות, וועלען יודען אַלץ מעהר און מעהר אונטערגעהן קערפּערליך און גײַסטיג, ביז ענדליך זיי

וועלען ווערען אויסגעמעקט פון די לעבעדיגע פעלקער.

יודיש פאלק! עס איז נאך נישט צו שפעט. דו קאנסט נאך ערוואכען פון דיין שוואכקייט, קאנסט נאך אנשטרענגען דיינע כחות און ברענגען די נויטיגע געלד-קרבנות פאר דיין לאנד. דו קאנסט נאך בעוויזען דער וועלט, די שונאים און די פריינד, אז יודען זענען געבליבען דאס גרויסע פאלק פון דער תורה און די נביאים, וואס האבען אונז געבאטען עהרע און פרייהייט. דו קאנסט זיך נאך נעהמען מיט קראפט צו דער ארבייט און אין א קורצער צייט שאפען די גרויסע געלד-מיטלען, און דאן מאסענווייז פער-נעהמען און אויפבויען דיין לאנד.

**איהר, יודען פון מזרח-אייראפא! איהר ווייסט דאך, ווי ביליג מען שעצט דאס יודישע לעבען און ווי אונזיכער איהר זענט מיט אייער פערמעגען; דאס, וואס שונאים נעהמען ביי אייך צו מיט געוואלט, ווארפענדיג אייך אין עלענד און אין טויט, דאס טראגט בעסער פריי און שטאלץ צו אייער פאלק, כדי איהר זאלט האבען לעבען, פרייהייט און רייכטום אין אייער אייגען לאנד!**

די אלוועלטליכע ציוניסטישע ארגאניזאציע פאדערט, אז יעדער יוד זאל געבען א צעהנטעל פון זיין פערמעגען און פון זיינע הכנסות פאר'ן קרן היסוד. אין דער גרויסער היסטארישער שעה, וואס מיר לעבען יעצט איבער, וואלטען יודען געדארפט אבגעבען פאר דעם הייליגען צוועק נישט קיין צעהנטעל, נור א העלפט פון זייער פערמעגען און אפילו מעהר. אבער מען פאדערט פון אייך, אז איהר זאלט געבען נור איין צעהנטעל. ניין צעהנטעל פאר אייך פערזענליך, און בלויז איין צעהנטעל פאר אייער לאנד פאר אייער פאלק, דאס הייסט ווידער אמאל פאר אייך און פאר אייערע קינדער. ווי קליין איז אייער קרבן אין פערגלייך צום צוועק. אבער אפילו דעם קליינעם קרבן האט איהר נאך נישט געבראכט! ווי קאנט איהר פאדערן, אז מען זאל האבען דרך-ארץ

פאַר מענשען, וואָס האָבען אַזאַ בלינדען פערשטאַנד, אַזאַ פערשטאָפּט האַרץ?

פיעל טויזענדער יודישער יונגע לייט, חלוצים זענען גרייט אָבצוגעבען פאַר ארץ־ישראל זייער יונג לעבען; זייער אָפּפערפעהיג־קייט האָבען זיי שוין בעוויזען מיט זייער אַרבייט אויף די פעלדער און אויף די וועגען פונ'ם יודישען לאַנד; נאָך מעהר האָבען די יונגע יודען אַרויסגעוויזען זייער העלדישקייט אין קאַמף מיט טויזענדער בעוואָפּענטע מערדער, וועלכע זענען בעפאַלען די יודישע בעפעלקערונג סיי אין ארץ־ישראל סיי אין די שטעדט פון רוסלאַנד און אוקראַאינאַ. די חלוצים האָבען אָבגעגעבען זייער יונג לעבען, — און עס איז דאָ יודען, וואָס שטעלען זיך אָב פאַר אַזאַ קליינעם קרבן, ווי אַ צעהנטעל פון זייער פערמעגען!

**גיט שנעלער די קליינע געלד־קרבנות פאַר אייער צוקונפט און פאַר אייער פרייהייט, אויב איהר ווילט פערמיידען שרעקליכע קרבנות. פאַר אייער קנעכטשאַפט און טויט!**

און איהר יודען פון אַמעריקאַ, פון ענגלאַנד, פראַנקרייך. זיד־אַפריקאַ, אויסטראַליען און פון די אַלע לענדער, וואו יודען זענען רייך און האַלטען זיך פאַר פריי! ערפילט אייער הייליגען חוב פאַר'ן יודישען פאָלק און פאַר זיין לאַנד! צאָהלט דעם מעשר! זאַמעלט אַם שנעלסטען די נויטיגע קאַפּיטאַלען וואָס מען פאָדערט פון אייך אויף צו בויען ציון!

איהר דאַרפט עס טהון צוליב די מיליאָנען אומגליקליכע יודען פון מזרח־איראָפּאַ, וואו עס קאָן נישט זיין קיין שום ערנסטע האָפנונג צו פערבעסערען די יודישע לאַגע אין די נאָהענטסטע צעהנדליגער יאָהרען, וואו די גאַנצע האָפנונג איז נור אויף מאַסען־עמיגראַציע קיין ארץ־ישראל, וועלכע קאָן ווירק־ליך אויפגעבויט ווערען אין אַ משך פון אַ 20-30 יאָהר ענערגישער פאָלקס־אַרבייט.

איהר, יודען פון אַמעריקאַ האָט בעוויזען מיט אייער געלד, אָפּפער, אַז איהר האָט גרויס מיטלייד פאַר די פערמוטשעטע יודען

פון מזרח-אייראָפּאַ. איהר האָט געגרינדעט אַלערליי הילפס-קאָמי-טעטען, איהר האָט געהיילט קראַנקע, געשפּייזט הונגעריגע, גע-געבען מלבושים פאַר נאַקעטע. אָבער איהר טאָרט נישט פערגעסען, אַז איהר האָט די אַלע אומגליקליכע ברי-דער אייערע איבערגעלאָזט אין דיזעלבע לענדער, צווישען דיזעלבע פעלקער און אין דיזעלבע אומשטענ-דען, וועלכע האָבען זיי געמאַכט הונגעריג, נאַקעט, קראַנק.

איהר טאָרט נישט פערגעסען, אַז די צעהנדליגער מיליאָנען דאָלאַרען, וואָס איהר האָט שוין אויסגעגעבען און וואָס איהר וועט נאָך אויסגעבען אויף פילאַנטראָפּישע צוועקען פאַר די יודען פון מזרח-אייראָפּאַ, קאָנען זיי נישט גאַראַנטירען אויף איין יאָהר, אויף איין חודש, אויף איין טאָג, אַז זיי וועלען נישט ווידער אַמאָל בעפאַלען ווערען און ווידער אַמאָל נישט בעליידיגט, גע-פּייניגט און אויסגע׳הרג׳עט ווערען!

און וויפיעל זענען פאָרגעקומען אומגליקען, וועלכע אַלע מיליאַרדען פון דער וועלט וואָלטען נישט געקאָנט פערריכטען? ווער וועט אומקעהרען דאָס לעבען פון די הונדערטער טויזענדער דערשאָסענע, געקוילעטע, דערטרונקענע און ביז׳ן טויט פערמוטשעטע יודען? ווער וועט אומקעהרען די אויסגעשטאָכענע אויגען, די אָבגעהאַקטע הענד, די אָבגעשניטענע פיס פון די קרבנות וואָס זענען געבליבען ביים לעבען?

ווער וועט צוריקשטעלען דאָס פסיכישע גלייכגעוויכט פון די טויזענדער יודישע מאַמעס, וואָס האָבען מיט זייערע אייגענע אויגען געזעהן, ווי מען האָט גע׳הרג׳עט זייערע קינדער און פון די דערוואַקסענע קינדער, וואָס האָבען געזעהן, ווי זייערע עלטערן זענען געפאַלען פון די מערדערישע הענד?

ווער קאָן אומקעהרען די מיליאָנען יודען פון מזרח-אייראָפּאַ די פערלוירענע לעבענסקראַפט און לעבענסלוסט, ווער קאָן פער-היילען די צובראָכענע הערצער, די דערשראָקענע נשמות, די אונטערדריקטע גייסטער?

ווער קאָן געבען די זיכערהייט, אַז אַזעלכע קאָשמאַרען, אַזעלכע בלוטפּערגיסונגען וועלען זיך שוין מעהר נישט איבער׳חזר׳ן?

די שווערע מיליאָנען, וואָס איהר אַמעריקאַנער און אַנדערע יודען האָט געאָפּפערט פאַר די מזרח־יודען, היילען נור איינציגע סימפּטאָמען, איינציגע אויסערליכע צייכען פון אונזער פאָלקס־קראַנקהייט, אָבער נישט די קראַנקהייט זעלבסט. אונזער אמת׳ע פאָלקס־קראַנקהייט, אונזער שוואַכקייט, אַלס מינדערהייט צווישען שטאַרקע פעלקער, פון וועלכע עס הענגט אָב אין יעדען מאָמענט אונזער פערמעגען, אונזער כבוד, אונזער לעבען. אָט די קראַנקהייט, וואָס רופט זיך אָן גלות, די קראַנקהייט קאָן נישט געהיילט ווערען דורך פילאַנטראָפּישע הילפס־קאָמיטעטען, דורך באַרמהערציגקייט. **מיר מוזען אויסטריקענען דעם גיפטיגען קוואַל פון אַלע אונזערע אומגליקען, מיר מוזען אָבשאַפען דעם גלות.** אָנשטאָט אַ מינדערהייט צווישען שטאַרקע פעלקער אין פרעמדע לענדער מוזען מיר ווערען אַ שטאַרקע מערהייט אין אונזער אייגענעם לאַנד; מיר מוזען בעזעצען מיליאָנען יודען אין ארץ־ישראל און שאַפען אַ מיליטערישע קראַפט, וועלכע וועט קאָנען בעשיצען אונזער לעבען און פערמעגען.

נור די שאַפונג פון אַ יודישער נאַציאָנאַלער היים אין ארץ־ישראל גיט די נאַציאָנאַלע פרייהייט און זיכערהייט די מיליאָנען יודען, וועלכע וועלען זיך מיט דער צייט בעזעצען אין זייער לאַנד. אָבער די מיליאָנען יודען, וואָס וועלען בלייבען אין די גלות־לענדער, וועלען אויך געהאָלפען ווערען דורך דעם יודישען פאָטערלאַנד: **דאָס גאַנצע יודישע פאָלק, און נישט נור די יודען פון ארץ־ישראל, וועט בעקומען דאַן אַ גרויסע פּאָליטישע מאַכט, אַ פּאָליטישע שטים, אַלס פאָלק צווישען פעלקער.** די שטים פון׳ם יודישען פאָטערלאַנד וועט האָבען גאָר אַנ׳אַנדער ווערט און איינפלוס אויף דער וועלט, ווי די שטים פון די יודישע פילאַנטראָפּישע הילפס־קאָמיטעטען. ווי קליין עס וועט נישט זיין די מיליטערישע קראַפט פון דער יודישער היים, וועט זי דאָך מעהר בעדייטען, ווי דער רייכסטער

הילפס-קאָמיטעט און די בעסטע פֿערטיידיגער פֿון יודען. די קלענסטע מלוכה איז אַ מאַכט-פֿאַקטאָר, מיט וועלכען מען רעכענט זיך מעהר, ווי מיט די גרעסטע יודישע גלות-אַנשטאַלטען פֿון דער וועלט. נישט נאָר אַ מלוכה, וואָס האָט עטליכע הונדערט טויזענד סאָלדאַטען, קאָן אונפערגלייכליך מעהר אויפטהון אויף צו פֿערטיידיגען אפילו יודען פֿון פֿרעמדע לענדער, נור אפילו אַ שטאַרקע יודישע זעלבסטשוץ האָט אָבגעראַטעוועט מעהר יודישע לעבענס אין רוסלאַנד, אוקראינאַ, ארץ-ישראל, ווי אַלע יודישע אַליאַנסען און קאָמיטעטען פֿון דער וועלט צוזאַמען.

דאָס גאַנצע יודישע פֿאָלק, סיי דער טייל, וואָס וועט זיך בעזעצען אין ארץ-ישראל, סיי דער טייל, וואָס וועט געהאָלפֿען ווערען דורך דער שאַפֿונג פֿון אַ יודישען פֿאָטערלאַנד, וואָס וועט האָבען די מאַכט, דעם איינפלוס צו פֿערטיידיגען אַלע יודען, אָדער וואָס וועט ווערען אַ היים, וואו די פֿערפֿאָלגטע יודען, וועלכע מוזען אַנטלויפֿען פֿון זייער גלות-לאַנד, וועלען געפֿינען זיכערהייט, שוץ, ארבייט און פֿרייהייט.

אָבער אַחוץ דער פּאָליטישער און מאַטעריעלער הילף, וואָס דאָס יודישע לאַנד וועט קאָנען געבען די יודען פֿון אַלע לענדער, איז נאָך פֿאַרהאַן די גייסטיגע זייט פֿון דער יודישער נאַציאָנאַלער ווידעראויפֿלעבונג.

די שאַפֿונג פֿון אַ יודישען זעלבסטשטענדיגען סאָציאַל-פּאָליטישען אָרגאַניזם אין ארץ-ישראל מוז אַרויסרופֿען אַ שטאַרקע אייגענטימליכע יודישע קולטור, וועלכע וועט ווירקען אויסער אויף די טיילען פֿון׳ם פֿאָלק, וועלכע וועלען לעבען אין יודישען לאַנד, אויך אויף די מיליאָנען יודען, וועלכע וועלען פֿערבלייבען אין די גלות-לענדער.

די ערשטע פֿאָלגע פֿון דעם יודישען אויפֿלעבען אין ארץ-ישראל וועט זיין דאָס אויפֿלעבען פֿון דער העברעאישער, ד. ה. דער איינציגער נאַציאָנאַלער יודישער שפּראַך. פֿון ארץ-ישראל וועט דער אויפֿלעבונגס-פּראָצעס פֿון דער נאַציאָנאַלער שפּראַך זיך

אונפֶערמײַדליך פֶערשפרײטען אין אַלֶע איבריגֶע לֶענדער, וואו יודען וואוינֶען.

דאָס גאַנצֶע יודישֶע פאָלק, אַלֶע פונפצֶעהן מיליאָנֶען יודֶען, וועלכֶע זֶענֶען יעֶצט גײַסטיג צושפּליטערט צוליב די פילעֶע דיאַלֶעקטֶען און שפּראַכֶען, אין וועלכֶע זײ רעֶדען, דאָס יודישֶע פאָלק, וואָס איז אָבגעֶריסֶען פון זײַן גרויסער היסטאָרישער פֶערגאַנגעֶנהײַט, ווײַל עֶס האָט אין אַ געווּיסער מאָס פֶערגעֶסען זײַן היסטאָרישֶע שפּראַך, וועט גײַסטיג ווידער פֶעראײניגט וועֶרעֶן אין דעֶם דאָפּעלטעֶן זין: עֶרשטעֶנס, עֶס וועלֶען זיך פֶעראײניגֶען אַלֶע יעֶצט לֶעבעֶנדעֶ צווײַגעֶן פונ׳ם יודישען פאָלק; צווײטענס, עֶס וועט צונויפגעֶשמאָלצען וועֶרען די יודישֶע געגעֶנוואַרט מיט דעֶר גרויסער יודישער פֶערגאַנגעֶנהײַט.

דאָס ספּעֶציפיש יודישֶע פאָלקס-אומגליק, די פילשפּראַכיקײַט, דער שפּראַכֶען-קאַמף מוז און וועט פֶערשווינדעֶן ניט נור אין ארץ-ישראל, נור דורך ארץ-ישראל אויך אין אַלֶע גלות-לֶענדער.

די דאָזיגֶע גײַסטיגֶע פֶעראײניגונג וועֶט בעֶדײַטען פאַר׳ן גאַנצֶען יודישען פאָלק אַ גײַסטיגֶע פֶערשטאַרקונג, וועלכֶע פיהרט אויך צו דער פּאָליטישער און עֶקאָנאָמישער פֶערשטאַרקונג.

די קערפּעֶרליכֶע און גײַסטיגֶע עֶרציהונג פון יודישֶע קינדער און דעֶרוואַקסעֶנֶע אין פרײַען יודישען לאַנד, דאָס אויפבליהען פון וויסענשאַפט און קונסט, די אינטענסיווֶע עֶנטוויקלונג פון מאַטעֶריעלֶען און גײַסטיגען רײַכטום אין ארץ-ישראל וועלען זיך מעֶכטיג אָבּרופֶען אויף דער יודישער בעֶפעֶלקעֶרונג פון אלֶע גלות-לֶענדער.

דאָס ווידער-אויפגעֶבויטֶע ארץ־ישראל וועֶט וועֶרען אַ מוסטער, אַ בײַשפּיל פאַר דעֶם גאַנצען יודישען פאָלק, וועלכֶעֶס וועט תמיד שעֶפּעֶן פון זײַן פרײַ לאַנד די גײַסטיגֶע קראַפט צו קעֶמפֶען אויך אין גלות געגעֶן נאַציאָנאַלֶען אונטערגאַנג, געגעֶן אַסימילאַציע און פאַר די אַלט־יודישֶע אידעאַלֶען פון סאָציאַלער און אינדיווידועֶלער גערעֶכטיקײַט.

און דאָס גײַסטיגֶע יודישֶע לֶעבעֶן אין ארץ-ישראל וועט קאָנעֶן דיענען אַלס בײַשפּיל נישט נור פאַר׳ן יודישען פאָלק, נור

אויך פאַר אַנדערע פעלקער. די גרויסע גייַסטיגע וועלט־ראַלע, וואָס יודען האָבען שוין אַמאָל געשפּילט, קאָנען יודען פון דעם פרייַען ארץ־ישראל ווידער אַמאָל שפּילען אין אַ נייַער, פילייַכט נאָך מעהר גלענצענדער פאָרם.

דאָס זענען די וויכטיגסטע סבות צוליב וועלכע אלע יודען מוזען העלפען אויפבויען ארץ־ישראל.

יודען פון די לענדער, וואו איהר שעצט זיך פאַר גליקליך און פרייַ! יודען פון אַמעריקאַ, פון פראַנקרייַך, פון ענגלאַנד און אַרגענטינא! פיהלט איהר זיך טאַקי באמת אַזוי פרייַ, ווי די הערשענדע פעלקער פון די לענדער? זענען דען נישט פאַרהאַן צווישען אייַך קייַן מענשען, וואָס געבען זיך אָב אַ קלאָרען דין וחשבון, אַז די יודישע פרייַהייט אין די פרייַסטע לענדער איז נישט קייַן נאַציאָנאַלע פרייַהייַט, צו וועלכער עס שטרעבט יעדעס געזונדטע פאָלק.

אונטער דעם געוואַלדיגען גייַסטיגען, עקאָנאָמישען און פאָליטישען דרוק פון דער מעכטיגער פאָלקסמערהייט, וואָס רינגעלט אייַך, יודען, אַרום, נעהמט איהר אַלץ מעהר און מעהר איבער איהר שפראַך, איהרע מנהגים, איהר פסיכאָלאָגיע און צום מאָל אויך איהר רעליגיע, און איהר פערלירט אַלץ מעהר און מעהר אייַער יודישע נאַציאָנאַליטעט, איהר ווערט אויס יודען.

עס ענטוויקעלט זיך צווישען די יודען פון אַמעריקאַ און די איבריגע פרייַסטע לענדער אַ אַסימילאַציאָנס־פּראָצעס, וועלכער וואָלט געבראַכט, אין זייַן לעצטער שטופע, צום נאַציאָנאַלען טויט פון׳ם יודישען פאָלק. די אַסימילאַטאָרען בעהויפטען, אַז די אַסימילאַציע איז דאָס בעסטע מיטעל געגען אַנטיסעמיטיזם: וואָס שטאַרקער ס׳איז די אַסימילאַציע, איז אַלץ שוואַכער דער אַנטיסעמיטיזם. אָבער שטרעבען צו אַסימילאַציע הייסט שטרעבען צום נאַציאָנאַלען טויט. אַזאַ רפואה איז ערגער פון דער מכה. פאַר דער יודישער פאָלקס-צוקונפט איז די אַסימלאַציע געפעהרליכער פון׳ם שטאַרקסטען אַנטיסעמיטיזם, ווייַל די אַסימילאַציע איז אַ

אינגערליכע קראַנקהייט, דער אַנטיסעמיטיזם — אַ אויסערליכעס ליידען. אַ יוד — אַ אַסימילאַטאָר איז אַ גרעסערער שונא פֿונ'ם יודישען פֿאָלק, אַלס דער ערגסטער אַנטיסעמיט; דער אַסימילאַטאָר, דער יוד, איז געפֿעהרליכער פֿאַר אונזער פֿאָלק, אַלס דער אַנטיסעמיט: דער ערשטער פֿיהרט געגען יודענטום אַ אינערליכען קאַמף אונטער דער מאַסקע פֿון פערטיידיגען, פֿון רעטען דאָס יודישע פֿאָלק; דער צווייטער פֿאַלט אויף אונז אָן פֿון אויסען און שרייט אָפען, אַז ער שטרעבט אונז צו פֿערניכטען.

אָבער, אפֿילו די בעהויפטונג, אַז דער אַנטיסעמיטיזם ווערט אָבגעשוואַכט דורך דער אַסימילאַציע, איז אויך נישט ריכטיג. עס איז גענוג בעקאַנט, אַז אין די לענדער פֿון דער גרעסטער אַסימילאַציע איז דער אַנטיסעמיטיזם נאָך אַלץ נישט פֿערשוואונדען. אויב זיינע פֿאָרמען זענען נישט אַזוי ווילד און אונמענשליך ווי אין מזרח-אייראָפּאַ, ערקלערט עס זיך מיט דעם הויכען גייסטיגען צושטאַנד פֿון דידאָזיגע לענדער, אָבער נישט מיט דער יודישער אַסימילאַציע.

די אַסימילירטע פֿראַנצויזישע יודען, למשל, מוזען שטעהען תמיד אויף דער וואַך און קעמפֿען געגען די אַנטיסעמיטען פֿון זייער לאַנד. נישט פֿאַר זייער נאַציאָנאַלער זעלבסטבעשטימונג קעמפֿען זיי, אדרבה, זיי האלטען אין איין שרייען, אַז זייער נאַציאָנאַליטעט איז די פֿראַנצויזישע, אַז זיי זענען אמת'ע פֿראַנצויזען, אַז פֿונ'ם יודענטום איז זיי געבליבען נור אַ זכר פֿון דער יודישער רעליגיע, אָבער חלילה נישט פֿון דער יודישער נאַציאָנאַליטעט.

די פֿראַנצויזישע יודען געהען נאָך ווייטער: זיי פרובען אָבנאַרען די וועלט און בעהויפטען, אַז עס איז גאָר אין דער וועלט נישט פֿאַרהאַן קיין יודישע נאַציע, ווייל יודען, נאָך זייער בעהויפטונג, זענען נור אַ רעליגיעזע סעקטע און נישט מעהר!

עס העלפֿט אָבער ניט קיין שום טענות, קיין שום בעווייזען: עס בלייבט פֿאָרט אַסך פֿראַנצויזען, טאַקי אמת'ע פֿראַנצויזען, וואָס גלויבען זיי ניט. די פֿיינדשאַפֿט צו יודען איז גאַנץ שטאַרק פֿערשפרייט אין דעם רעפּובליקאַנישען פֿראַנקרייך. עס קומען פֿאָר

צײַטען, וואָס די דאָזיגע פֿײַנדשאַפֿט ווערט פֿערבאָרגען, און עס ווײַזט זיך אויס, אַז זי איז ענדגילטיג פֿערשוואונדען, אָבער פּלוצלונג וועקט זיך די שנאה אויף מיט אַזאַ פֿײַער, מיט אַזאַ ווילדקײַט, אַז די לאַגע פֿון די יודען אין פראַנקרײַך ווערט געפֿעהרליך. אַזאַ דערוועקונג פֿון דעם יודען־האַס האָט מען איבערגעלעבט אין פראַנקרײַך אין דער צײַט פֿון דער דרײַפֿוס־אַפֿערע, ווען עס איז געקומען צו געשלעג צווישען יודען און קריסטען, צו עקסצעסען אין מאַרסעל א. אז. וו.

די הויכע גײַסטיגע קולטור פֿון פֿראַנקרײַך דערלאָזט ניט, אַז דאָס לאַנד זאָל פֿאַלען ביז דער שטופֿע פֿון אַ מזרח־אײראָפּעישען לאַנד. די גײַסטיגע גרויסקײַט פֿון פֿראַנקרײַך האָט זיך אַרויסגעוויזען אין דערזעלבער דרײַפֿוס־אַפֿערע. אָבער עס איז געװיס, אַז אין אַזאַ הויך ציוויליזירטען לאַנד, ווי פראַנקרײַך, קאָנען יודען ניט לעבען רוהיג, הגם צוליב רוה האָבען זיי זיך שוין אָבגעזאָגט פֿון זייער יודישער נאַציאָנאַליטעט.

מען קען פֿרעגען, צוליב וואָס אײגענטליך קעמפֿען די פֿראַנצויזישע און נאָך אַזעלכע יודען געגען אַנטיסעמיטיזם? פֿאַר זייער יודישער נאַציאָנאַליטעט? ניין, זיי האָבען זיך שוין פֿון לאַנג אָבגעזאָגט פֿון איהר און צוגעשטאַנען צו דער פראַנצויזישער. פֿאַר זייער יודישער רעליגיאָן? אויך ניט, ווײַל דער גרעסטער טייל פֿון די פֿראַנצויזישע יודען זענען גאַנץ גלײַכגילטיג צו דער רעליגיע. אַלזאָ, צוליב וואָס־זשע קעמפֿען זיי פֿאָרט. עס בלײַבט נור איין ענטפֿער: **די פֿראַנצויזישע און עהנליכע יודען קעמפֿען צוליב דעם, אַז די אַנטיסעמיטען זאָלען זיי לאָזען אָהן שטערונגען אַרויסאָטעמען דעם לעצטען הויך פֿון זייער נאַציאָנאַלער יודישער נשמה; זיי קעמפֿען ניט פֿאַר'ן נאַציאָנאַלען לעבען, נור פֿאַר אַ רוהיגען, אונגעשטערטען נאַציאָנאַלען טויט!**

און אין אַמעריקאַ איז דען ניט פֿאַרהאַן קײַן פֿײַנדשאַפֿט צו יודען? ווײַזט זיך דען דער אַמעריקאַנער אַנטיסעמיטיזם ניט אַרויס אין גאַנץ מיאוסע פֿאָרמען? וועניג איז פֿאַרהאַן אין אַמע-

ריקאַ געזעלשאַפטליכע אַנשטאַלטען, וואו יודען ווערען ניט צוגע־לאָזט? שטויסט מען דען ניט אָב די יודען פון אַסך אַמטען, ווי צ. ב. פון דער פראָפעסור אין די אוניווערסיטעטען? עקזיסטירען דען ניט אין אַמעריקאַ צייטונגען וואָס זייהען דעם סם פון אַנטי־סעמיטיזם צווישען די ברייטע שיכטען פון דער בעפעלקערונג? פיהלט דען ניט דער יוד פון אַמעריקאַ און פון אַנדערע פרייע לענדער, אַז עס איז דאָ אין לאַנד זעהר פיעל שונאים, וואָס לאָזען ניט דורך קיין געלעגענהייט אַ שטאָך צו טהון דעם יודען, ערניעדריגען און ברענגען איהם שאָדען, וואו נור זיי קאָנען?

די פעראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקאַ האָבען פיעל גוטס אויפגעטהון פאַר יודען: אונזערע פערפאָלגטע און אָרימע עמיג־ראַנטען האָבען אין אַמעריקאַ געפונען זיכערהייט, אַרבייט, אפט־מאָל בילדונג און רייכטום. די יודישע בעפעלקערונג פון די פער־אייניגטע שטאַטען פון אַמעריקאַ גיט זיך אָב אַ קלאָרען דין וחשבון, אַז זייער יעצטיגעס פאָטערלאַנד איז געוואָרען פאַר זיי אַ רעטונגס־לאַנד פון די שרעקליכע פערפאָלגונגען, וועלכע זיי האָבען געליטען אין די לענדער פון מזרח־אייראָפּאַ; זייער לעבען און זייער עקאָנאָמישע בעפעסטיגונג אין אַמעריקאַ האָט זיי גענע־בען די מעגליכקייט צו קומען צו הילף די מיליאָנען ליידענדע יודען פון דער גאַנצער וועלט.

נאַטירליך, זענען די אַמעריקאַנישע יודען גרייט צו אָפּפערן זייער לעבען פאַר זייער ניי פאָטערלאַנד און דאָס גאַנצע יודישע פאָלק פערשטעהט און שעצט די דאָזיגע געפיהלען פון אונזערע אַמעריקאַנישע ברידער.

אָבער אַמעריקאַנער זענען אויך נור מענשען מיט אַלע מענשליכע שוואַכקייטען און חסרונות. דאָס זעהט מען שוין אַרויס אפילו פונ'ם שוואַכען אַנטיסעמיטיזם, וואָס געפינט זיך אין איינציגע שיכטען פון דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט. אָבער פיעל מעהר זעהט מען דאָס אַרויס פון דער אונגערעכטיקייט און אָפט מאָל גרויזאַמקייט, וואָס די אַמעריקאַנער ווייזען אַרויס געגען זייערע שוואַרצע מיטבירגער. דער נעגער־האַס איז איינע פון די אונ־מענשליכסטע זייטען פונ'ם אַמעריקאַנער לעבען.

פון 1862-טען ביז׳ן 1866-טען יאָהר האָבען די אַמעריקאַנער פון די נאָרדליכע שטאַטען געפיהרט אַ שרעקליכע מלחמה געגען די זידליכע שטאַטען צוליב דער בעפרייאונג פון קנעכטשאַפט פון די זעלבע נעגער. צוערשט בעפרייען און דאַן פערפאָלגען און פערשאַכטען, — דעם ווידערשפרוך זאָלען די יודען גוט בע-טראַכטען!

נישט אַלע צייטען זענען גלייך; **אפשר וועלען די יודען פון אַמעריקאַ פערשטעהען, אַז דאָרט, וואו מ׳איז אונגערעכט געגען שוואַרצע מענשען קאָן זיך שוין לייכט טרעפען, אַז מען זאָל ווערען אונגערעכט אויך געגען ווייסע.**

קאָן זיך דען נישט טרעפען, אַז אין פאַל פון אַ נייער וועלט-מלחמה, וואָס מוז פריהער אָדער שפעטער פאָרקומען צווי-שען אַמעריקאַ און דער געלער ראַסע, וועט די יודישע לאַגע מיט אַמאָל זיך שרעקליך פערערגערען און וועט ווערען געפעהר-ליך אפילו אין די פרייסטע לענדער?

נאַטירליך, אין פאַל פון אַ נייען וועלט-קריג וועט זיך פער-ערגערען די לאַגע נישט נור פון יודען, נור אויך פון אַלע איבריגע פעלקער. אָבער די ביטערע ערפאַהרונג פון פיעל לענדער און פון פיעל צייטען האָבען בעוויזען, אַז אין פאַל פון מלחמה אָדער פון אַן׳אַנדערן גרויסען פאָלקס-אומגליק, קומט תמיד אויס די יודען פיעל מעהר צו ליידען, ווי אַלע איבריגע פעלקער.

ערשטענס, האָבען יודען נישט קיין צאָהלרייכע אַקערבוי-קלאַסע, וועלכע טראָגט תמיד לייכטער איבער אַ מלחמה אָדער אַ רעוואָלוציע. דאָס האָט בעוויזען אויך די רוסישע רעוואָלוציע, וועלכע האָט געבראַכט צו עלענד און טויט-הונגער די שטעדטישע בעפעלקערונג, אין דער צייט ווען די פויערים האָבען פון הונגער גאַנץ ווייניג געוואוסט.

אָבער עס איז פאַרהאַן אַ צווייטע סבה, אַ פיעל וויכטיגערע, ווי די ערשטע, אָבוואָהל זי איז נישט קיין עקאָנאָמישע, נור אַ פסיכאָלאָגישע. אין פאַל פון אַ פאָלקס-אומגליק זוכען די הערשענדע

פֶעלקער דעם שולדיגען פון זייערע צרות. זיי מוזען געפונען דעם שולדיגען. עס איז פאר זיי א פסיכישע נויטבעדערפעניש, וואס ווערט דערצו נאך פערשטארקט און געפיהרט דורך די אמת'ע שולדיגע, וואס ווילען אבלייטען דעם דונער פון זייער קאפ. אבער איבערהויפט זענען שולדיג נישט מענשען, נור אומשטענדען. די פאלקס-מאסען קאנען דאס נישט פערשטעהען. נישט קאנענדיג פערשטעהען, אז דער שולדיגער זענען די פעלקער אליין, אדער איבערהויפט די בלינדע פונאנדערוויקלונג פון דער וועלט געשיכטע אדער סטיכישע נאטור-ערשיינונגען, נישט קאנענדיג זיך אבגעבען דין וחשבון, אז אין די שרעקליכסטע אומגליקען, וואס טרעפען גרויסע פעלקער, איז זעהר אפט איבערהויפט נישט פאראהן קיין שולדיגע מענשען, ווייל די מענשען זענען אליין א בלינדער ווערקצייג פון דעם ענטוויקלונגס-פראצעס. נישט קאנענדיג פערשטעהן אזעלכע אבסטראקטע זאכען, פערזאניפיצירען זיי דאס אומגליק, די אומשטענדען און בעשולדיגען דעם שוואכען און געהאסטען, מאכען איהם פאר א קרבן, גיסען אויף איהם אויס דעם גאנצען גרימצארן פון א בלינדער צורייצטער חיה.

דער שולדיגער איז תמיד דער שוואכער, וועלכער קאן זיך נישט פערטיידיגען געגען אנפאלען, אויף וועמען עס איז נישט געפעהרליך אנצופאלען, איהם צו ראבעווען און הרג'ענען.

און דער שוואכער איז דאך תמיד דער יוד, וועלכער האט שוין אין פרידענס-צייטען גענוג שונאים. זיי ווארטען נור די גוטע געלעגענהייט אויפצוהעצען געגען איהם די צורייצטע פאלקסמאסע; און וואס פאר א געלעגענהייט קאן זיין בעסער, אלס א מלחמה אדער אנ'אנדער נאציאנאלער קריזיס.

דאס, וואס איז פארגעקומען מיט יודען אין אזוי פיעל לענדער קאן דען נישט פארקומען אויך אין אמעריקא אין א שלעכטער צייט? און וואס קאן זיין ערגער, אלס א קריג צווישען אמעריקאנער פון איין זייט און יאפאנער מיט כינעזער פון דער צווייטער זייט?

ווי גליקליך וועלען דעמאלט זיין די פעלקער, וועלכע וועלען קאנען פערטיידיגען זייער רעכט אויף נייטראליטעט, אויף

רוה, אַזוֹי ווי די קליינע לענדער, ווי די שווייץ, האָלאַנד, דענע־מאַרק, שוועדען א. אַז. וו. האָבען עס געטהון אין דער צייט פון דעם וועלט־קריג. אָט די קליינע לענדער זענען אַלע געבליבען נייטראַל און גליקליך אין דער צייט, ווען ימים בלוט האָבען זיך געגאָסען אין דער וועלט.

די קינפטיגע מלחמה צווישען אַמעריקאַנער און יאַפּאַנער־כינעזער וועט זיין פיליכט אַ סך בלוטיגער און שרעקליכער, אַלס דער פערגאַנגענער וועלט־קריג. יעדעס פאָלק וועט בלוטען און זו־כען הילף, שטיצע פון זיינע ברידער. ווי גליקליך וועלען זיך שעצען דעמאָלט די אַמעריקאַנער יודען, ווען זיי וועלען אין אַזאַ צייט זיך קאָנען אָנשפּאַרען אין אַ ברודערליכען שטאַרקען און נייטראַלען לאַנד! וויפיעל וואונדען און שמערצען פון אַמעריקאַ־נער יודען וועלען קאָנען פערהיילען די יודען פון דעם קינפטיגען פריען ארץ־ישראל סיי אין דער צייט פון אַזאַ מלחמה סיי נאָך דער מלחמה!

זאָלען די אַמעריקאַנער יודען דאָס אַלץ גוט בעטראַכטען יעצט, ווען זיי נויטיגען זיך נישט אין הילף, יעצט ווען זיי קאָ־נען העלפען אויפבויען דאָס יודישע לאַנד!

**יודען פון אמעריקאַ און פון אַנדערע פריע לענדער! ערפילט אייער חוב, ברענגט פיעל געלד־קרבנות פאַר'ן אויפבוי פון ארץ־ישראל; העלפט יעצט ארץ־ישראל, וועט ארץ־ישראל אייך שפעטער פיעל מעהר העלפען! ערפילט יעצט אייער חוב פאַר'ן יודי־שען פאָלק און פאַר זיין לאַנד, וועט דאָס לאַנד קאָ־נען שפעטער ערפילען זיין חוב פאַר אייך! ראַטעוועט יעצט דאָס יודישע פאָלק, וועט דאָס פריע יודישע פאָלק אייך קאָנען ראַטעווען אין דער צייט פון גרויסע נויטען!**

יודען! מיר געפינען זיך יעצט אין אַ מלחמה־צייט. דער צוועק פון אונזער קאַמף איז דאָס יודישע לאַנד. טויזענדער חלוצים

און עולים זענען שוין אַריבערגעפאָהרען קיין ארץ-ישראל, הונדער-טער טויזענדער ווארטען אויף דער מעגליכקייט זיך דאָרט צו בע-זעצען. מיר מוזען בעשיצען די מענשען און דאָס פערמעגען, וועלכע געפינען זיך שוין יעצט אין לאַנד און מיר מוזען ברענ-גען אַהין פיעל מעהר מענשען און שאַפען פיעל מעהר רייכטום.

דאָס איז אַ קאַמף פאַר אונזער נאַציאָנאַלען לעבען. דער קאַמף פאָדערט די זעלבע אָנשטרענגונגען ווי יעדע מלחמה. אָבער עס איז אַ מלחמה פון שאַפען און ניט פון צושטערען. צו דער מלחמה זענען גרייט גאַנצע אַרמעעס פון יונגע יודישע אַרבייטער. זיי רייסען זיך קיין ארץ-ישראל. **דאָס כלי-זיין פון אונזער מלחמה איז ניט קיין טויטענדעס געוועהר, נור שאַ-פענדער קאַפיטאַל.** מיר מוזען האָבען געלד, פיעל געלד, אַ הוץ דעם פריוואַט-קאַפיטאַל, וועלכער וועט אַריינפליסען אין לאַנד. דער נאַציאָנאַלער קאַפיטאַל, דער קרן-היסוד, מוז געשאַפען ווערען ווי אַם שנעלסטען.

אַ טייל פון די אַמעריקאַנער ציוניסטען געבען זיך ניט אָב קיין דין וחשבון אויף וויפיעל דער קרן-היסוד איז נויטיג צום אויפבוי פון ארץ-ישראל. זיי זאָגען, אַז ארץ-ישראל דאַרף אויפ-געבויט ווערען דורך פריוואַט-קאַפיטאַל, דורך קאַפיטאַליסטען, וועלכע וועלען קויפען פאַר זיך באָדען און גרינדען פאַר זיך פערמעס און קאָלאָניעס, וועלכע וועלען שאַפען אַלערליי אונטער-נעהמונגען, ווי פאַבריקען, בענק, האַנדעלס-קאַנטאָרען א. אז. וו. אַלץ פאַר זייער אייגען געלד און מיט הילף פון קרעדיט. ארץ-ישראל, זאָגען זיי, דאַרף געבויט ווערען אַזוי, ווי אַמעריקאַ איז געבויט געוואָרען, ד. ה. דורך געשעפטליכע אונטערנעהמונגען פון קאַפיטאַליסטען. לויט דער דאָזיגער מיינונג, איז דער קרן-היסוד אוננוצליך; מיט נדבות קאָן מען קיין לאַנד ניט בויען.

עס איז זיכער, אַז אייניגע פון די, וואָס פערטיידיגען אָט די מיינונג, טהון עס נור כדי צו האָבען אַ גוטען אויסרייד אויף ניט צו געבען קיין געלד. אָבער עס איז פאַראַן נאַאיווע און אונוויסענדע מענשען, וואָס גלויבען טאַקי ערנסט אין דער ריכ-טיגקייט פון דער דאָזיגער מיינונג.

עס איז ניט שווער צו דערווייזען די פאַלשקייט פון דער טראָזיגער „טעאָריע״.

ערשטענס, קאָן מען ניט פערגלייכען די בעדינגונגען פון דער אַמעריקאַנער קאָלאָניזאַציע מיט די בעדינגונגען פון דער ארץ-ישראל׳דיגער. די פיאָנערען פון דער אַמעריקאַנישער קאָלאָניזאַציע האָבען געפונען אין נייעם לאַנד אונענטגעלטליך באָדען און דעם בעסטען באָדען ווי אויך וואַלד, וויפיעל נור זייער האַרץ האָט געגלוסט.

אַמעריקאַ איז עטליכע מאָל גרעסער פון אייראָפּאַ און די איינגעבוירענע בעפעלקערונג פונ׳ם לאַנד איז געוועזען זעהר קליין אין פערגלייך צו די אונענדליכע אַמעריקאַנישע פעלדער און וועלדער. יודען מוזען דעם באָדען אין ארץ-ישראל קויפען פאַר געלד. יודען, וועלכע וועלען קאָלאָניזירען ארץ-ישראל זענען ניט קיין קאַפּיטאַליסטען, און די מעהרהייט פון זיי פערמאָגט גאָר קיין געלד ניט. מיר מוזען האָבען אַ נאַציאָנאַלען קאַפּיטאַל, וועלכער זאָל אונז געבען די מעגליכקייט אויסצוקויפען דעם נויטיגען פאַר אונזער קאָלאָניזאַציע באָדען. מיר מוזען האָבען גענוג באָדען פאַר אונזערע ניט בעמיטעלטע ארבייטער, וועלכע מוזען בעקומען דעם באָדען פאַר זעהר נידריגע פרייזען און אויף לאַנג-טערמיניגער אַרענדא.

**מיליאָנערען האָבען קיין שום לאַנד אין דער וועלט ניט קאָלאָניזירט.** די רייכע קלאַס איז צופרידען פון איהר לעבען אין די אַלטע, עקאָנאָמיש און קולטורעל ענטוויקעלטע לענדער; די דאָזיגע קלאַס וועט ניט געהן אין אַ נייע לאַנד, וואו מען מוז ערשט שאַפען רייכטימער און בעדינגונגען צום לעבען. נור אָרימע אָדער וועניג בעמיטעלטע קאָנען געהן קיין ארץ-ישראל און זיך געבען די מיה צו שאַפען נייע עקאָנאָמישע און קולטורעלע ווערטען.

רייכע מענשען קאָלאָניזירען ניט. אונטער דעם דרוק פון נאַציאָנאַלער אָדער רעליגיעזער פערפאָלגונג, עמיגרירען אויך רייכע, אָבער זיי עמיגרירען פון איין אַלט לאַנד אין צווייטען

אַלטֶען לַאנד. נוּר אַ זֶעהר קלֵיינֶער טֵייל פוּן דִי רֵייכֶע מֶענשֶען עֶנטשלִיסֶען זִיךְ צוּ עֶמִיגרִירֶען אִין אַ נַייַ לַאנד, װעֶלכֶעס זֵיי בֶּעפרוּכטֶען מִיט זֵייעֶר קאַפִּיטאַל.

נִיט דִי דָאזִיגֶע זֶעלטֶענע רֵייכֶע קָאלָאנִיזאַטאָרֶען בּוֹיעֶן אַ נַייַ לַאנד, נוּר דִי גרוֹיסֶע אַרבֵּייטֶענדֶע אוּן אָפּפֶערפֶעהִיגֶע גאַנץ אָרִימֶע אָדֶער װעַנִיג בֶּעמִיטֶעלטֶע פָאלקס-מאַסֶע בֶּעזִיצט דִי אֵייגֶענשאַפטען, װעֶלכֶע זֶענֶען נוֹיטִיג אוֹיף צוּ בּוֹיעֶן אַ נַייַ לַאנד; אָט דִי מאַסֶע האָט קָאלָאנִיזִירט אַמֶערִיקאַ, אוֹיסטראַליעֶן אוּן אַלֶע אִיבּרִיגֶע נַייַעֶ לֶענדֶער; דִי דָאזִיגֶע מאַסֶע האָט אוֹיךְ בִּיז יֶעצט קָאלָאנִיזִירט ארץ-ישראל אוּן װעֶט װַייטֶער זִי קָאלָאנִיזִירֶען.

דִי יֶענִיגֶע פוּן דִי אַמֶערִיקאַנֶער צִיוֹנִיסטֶען, װעֶלכֶע זָאגֶען, אַז אמֶערִיקאַ אִיז קָאלָאנִיזִירט גֶעװאָרֶען דוּרךְ קאַפִּיטאַלִיסטֶען, קָאנֶען נִיט דִי גֶעשִיכטֶע פוּן זֵייעֶר לַאנד אָדֶער זוּכֶען זִיךְ אַ תירוּץ אוֹיף נִיט צוּ שפֶּענדֶען קֵיין גֶעלד פאַר'ן קרן היסוד.

אַמֶערִיקאַ אִיז קָאלָאנִיזִירט גֶעװאָרֶען דוּרךְ אָרִימֶע אָדֶער זֶעהר װעֶנִיג בֶּעמִיטֶעלטֶע מֶענשֶען, װעֶלכֶע האָבֶּען גֶעבּראַכט אִין לַאנד זֵייעֶר אַרבֵּייטסקראַפט אוּן אַרבֵּייטסלוּסט, אָבֶּער זֶעהר װעֶנִיג קאַפִּיטאַל. אוּן דאָס אִיז טאַקִי דִי סבּה, אִיבֶּער װעֶלכֶער דִי עֶקאָנאָמִישֶע עֶנטװִיקלוּנג פוּן אַמֶערִיקאַ, װִי פוּן אַלֶע קָאלָאנִיזאַציאָנס-לֶענדער, האָט זִיךְ גֶעצוֹיגֶען זֶעהר לאַנגזאַם. נאָךְ דֶער עֶנטדֶעקוּנג פוּן אַמֶערִיקאַ אִיז אַװעֶקגֶעגאַנגֶען הוּנדֶערט אוּן פוּנפצִיג יאָהר, אֵיידֶער דֶער עֶרשטֶער מִילִיאָן אֵייראָפֶּעאִישֶע קָאלָאנִיסטֶען האָט זִיךְ בֶּעזֶעצט אִין דֶעם גרוֹיסֶען לַאנד, װאוּ דֶער פרוּכטבּאַרסטֶער בּאָדֶען האָט גֶעאָרנִיט גֶעקאָסט אַ חוּץ אַרבֵּייט. דֶער אַמֶערִיקאַנִישֶער קאַפִּיטאַל אִיז גֶעשאַפֶען גֶעװאָרֶען נִיט דוּרךְ דֶעם, װאָס אֵייראָפֶּעאִישע קאַפִּיטאַלִיסטֶען האָבֶּען אַרַיינגֶעפִיהרט קֵיין אַמֶערִיקאַ זֵייעֶר קאַפִּיטאַל אוּן האָבֶּען גֶעגרִינדֶעט אוּנטֶערנֶעהמוּנגֶען, נוּר דוּרךְ דֶער אַרבֵּייט פוּן אָרִימֶע קָאלָאנִיסטֶען, װעֶלכֶע האָבֶּען גֶעמוּזט שװעֶר אַרבֵּייטֶען דוֹרוֹת לַאנג, אֵיידֶער זֵייעֶר קאַפִּיטאַל אִיז אוֹיסגֶעװאַקסֶען דוּרךְ דֶעם זֶעהר לאַנגזאַמֶען פראָצֶעס פוּן שטֶענדִיגֶער זאַמלוּנג. דִי בֶּעפֶעלקֶערוּנג האָט גֶעקאָנט װאַקסֶען נוּר לאַנגזאַם, לוֹיט דֶעם אָנװאַקסֶענדֶעם קאַפִּיטאַל. אוֹיבּ אוֹיסטראַליעֶן האָט זִיךְ עֶנטװִיקֶעלט שנֶע-

לֶער אַלס אַמֶערִיקאַ, אִיז דאָס גֶעשֶעהֶען נוּר, ווײַל אִין אוֹיסטראַל־יֶען זֶענֶען גֶעפֿוּנֶען גֶעוואָרֶען רײַכֶע גאָלד־גרוּבֶּען. אָהן דֶעם וואָלט אוֹיסטראַלִיֶען יֶעצט גֶעהאַט פִֿיעל ווֶענִיגֶער בֶּעפֶֿעלקֶערוּנג, אַלס יֶעצט.

דִי יוּדִישֶע קאָלאָנִיזאַציֶע אִין ארץ־ישראל קאָן נִישט אוּן טאָר נִישט גֶעהֶען אַזוֹי לאַנגזאַם ווִי דִי קאָלאָנִיזאַציֶע פֿוּן אַמֶערִיקאַ. יוּדֶען קאָנֶען נִישט וואַרטֶען הוּנדֶערט פוּפֿצִיג יאָהר, אײדֶער דֶער עֶרשטֶער מִילִיאָן פוּן זײ ווֶעט זִיך בֶּעזֶעצֶען אִין ארץ־ישראל.

**אוֹיבּ די יוּדישע קאָלאָניזאַציע פֿוּן ארץ־ישראל זאָל געהען אַזוֹי לאַנגזאַם, וואָלטען יוּדען איבערהויפּט קיינמאָל נישט געוואָרען די בעלי־בתים פֿוּן דעם לאַנד, ווײַל די 500.000 אַראַבער פֿערמעהרענדיג זיך אוּן וואַקסענדיג אין צאָהל וואָלטען פֿערנעהמען אין ווֶעני־גער צייט דאָס גאַנצע לאַנד אוּן יוּדען וואָלטען דאָרט געבּליבּען אַ מינדערהייט ווי אין אַלע גלוּת־לענדער.**

מִיר טאָרען זִיך נִישט בּאַנוּגֶען מִיט דֶעם אײנפֿאַכֶען, פּרִימִי־טִיווֶען קאָלאָנִיזאַציאָנס־פּראָצֶעס אִין ארץ־ישראל, אוּן קאָלאָנִיזִירֶען ארץ־ישראל אוֹיף דֶעם לאַנגזאַמֶען אוֹפֿן פֿוּן דִי אַמֶערִיקאַנִישֶע, אוֹיסטראַלִישֶע אָדער אַפרִיקאַנִישֶע פּיאָנֶערֶען. דִידאָזִיגֶע פּיאָנֶערֶען האָבֶּען גֶעהאַט גֶענוּג צײַט פֿאַר זִיך, ווײַל זײ זֶענֶען, מִיט דֶער הִילף פֿוּן זײעֶרֶע רֶעגִירוּנגֶען, גֶעוואָרֶען דִי אמת׳ֶע בעלי־בתים פֿוּן דִי נײַע לֶענדֶער נאָך פִֿיעל פֿרִיהֶער, אײדֶער זײ זֶענֶען גֶעוואָרען דִי מֶעהרהײט אִין לאַנד: מֶען האָט זִיך גאָרנִישט גֶערֶעכֶענט מִיט דִי אײַנגֶעבּאָרֶענֶע פֿוּן דִי נײַע לֶענדֶער: זײ האָבּען גֶעמוּזט זִיך אוּנטֶערגֶעבֶּען דִי אײראָפּעאִישֶע קאָלאָנִיסטֶען שוֹין אִין דֶער צײַט, ווען דִי אײַנגֶעבּוֹירֶענֶע זֶענֶען גֶעווֶען דִי גרוֹיסֶע מֶעהרהײט אִין לאַנד. בּײַ אוּנזֶער קאָלאָנִיזאַציֶע אִיז דִי לאַגֶע אַנ׳אַנדֶערֶע: יוּדֶען קאָנֶען ווֶערֶען בעלי־בתים פֿוּן ארץ־ישראל נוּר דאַן, ווען זײ ווֶע־לֶען ווֶערֶען אַ גרוֹיסֶע מֶעהרהײט אִין לאַנד.

דעם נאַטירליכען לאַנגזאַמען קאָלאָניזאַציאָנס־

פראָצעס אין ארץ־ישראל מוז מען העלפען דורך אייִן אויסערליכען מיטעל, כדי איהם צוצואייִלען, ווייל די יודישע מעהרהייִט אין ארץ-ישראל מוז געשאַפען ווע־רען אין אַ קורצער צייַט. און דאָס נויטוועגדיגע אויסערליכע מיטעל איז דאָס שאַפען פון אַ גרויסען נאַציאָנאַלען קאַפיטאַל, וועלכער זאָל שוין יעצט ווע– רען אַרייַנגעפיהרט קייִן ארץ-ישראל און זאָל מאַכען מעגליך אַ שנעלע מאַסען־קאָלאָניזאַציע.

דעם באָדען, דעם פונדאַמענט פון דער גאַנצער קאָלאָניזאַציע, וועלכען די ערשטע אַמעריקאַנער קאָלאָניסטען האָבען בעקומען אומזיסט, מוזען יודען קויפען איִן ארץ־ישראל פאַר געלד. נור אייִן טייִל פון דעם געלד, וואָס איִז נויטיג אויף צו קויפען באָדען פאַר הונדערטער טויזענדע קאָלאָניסטען, קאָנען מיר בעקומען פון פריוואַט־קאַפיטאַל, און דאָס אויך נור דאַן, ווען מיר וועלען קאָ־נען צוציהען און שטיצען דעם פריוואַט־קאַפיטאַל דורך אַגראַר־קרעדיט. דעם צווייטען טייל פון דעם נויטיגען געלד מוזען מיר בעקומען פונ׳ם פאָלק, דורך גרויסע זאַמלונגען און בעשטייַערונג. בילינען אַגראַר־קרעדיט קאָנען מיר אויך נישט שאַפען דורך פרי־וואַט קאַפיטאַל, וועלכער וועט נישט וועלען זיך בעגנוגענען מיט אַ צו־נידעריגען פראָצענט. די אַגראַר־באַנק איִן ארץ-ישראל וועט אויך מוזען געגרינדעט ווערען דורך נאַציאָנאַלע קאַפיטאַלען, וועלכע קאָנען זיך בעגנוגענען מיט אַ קלייִנעם פערדינסט אָדער אויך שטיצען די אַרבייַטער־קאָלאָניזאַציע דורך קרעדיט אָהן פראָצענט.

צו אויסבעסערען דעם באָדען דורך אויסטריקענען די זומ־פען, דורך בעוואַסערונג, צו דער בעוואַלדונג פון גרויסע שטרעקען, צו דער בעפעסטיגונג פו די דיונען א. אַז. וו. מוזען מיר אויך האָבען נאַציאָנאַלע קאַפיטאַלען, ווייל דער פריוואַטער קאַפיטאַל, וואָס שטרעבט צו שנעלען פערדינסט, וועט אין דיזאָזיגע אָפע־ראַציעס אַזאַ פערדינסט נישט בעקומען, און פאָלגליך קייִן ארץ ישראל צוליב אַזעלכע אונטערנעהמונגען נישט קומען.

ענדליך, די ערשטע עטליכע הונדערט טויזענד קאָלאָניסטען וועלען פינאַנציעל נישט זיין בכח צו גרינדען און צו אויסהאַלטען די קולטורעלע און סאָציאַלע אַנשטאַלטען, וועלכע זענען אונבעדינגט נויטיג פאַר אַ מאָדערנער קאָלאָניזאַציע פון ארץ-ישראל בפרט, ווי שולען, שפּיטעלער, מעדיצינישע הילפס-אינסטיטוציעס אין אַלע זייערע פאָרמען, אויספאָרשונגס-לאַבאַראַטאָריען א. אַז. וו. נור אַ נאַציאָנאַלער קאַפּיטאַל וועט קאָנען דעקען די גרויסע שפּעזען פון דידאָזיגע אַנשטאַלטען, די קאָלאָניסטען אַליין וועלען נור קאָנען טיילווייז זיך בעטייליגען אין דידאָזיגע אויסגאַבען.

אַלע קאָלאָניזירענדע מלוכות געבען די ערשטע צעהנדליגער יאָהרען אויס נאַציאָנאַלע געלדער, כדי צו ענטוויקלען זייערע קאָלאָניעס. קיין איינציגע מאָדערנע אייראָפּעאישע קאָלאָניע איז נישט געגרינדעט געוואָרען אָהן דער שטיצע פון נאַציאָנאַלע קאַפּיטאַלען, אָבוואָהל דעם באָדען האָבען די קאָלאָניסטען בעקומען אומזיסט אָדער פאַר זעהר ביליגע פּרייזען.

דער בעריהמטער ענגלישער קאָלאָניזאַטאָר, וועקפיעלד, האָט געשריבען, אַז די קאָלאָניזאַציע פון נייע לענדער קאָן מען פערגלייכען מיט דער פּלאַנצונג פון גרויסע וועלדער: די ערשטע צעהנדליגער יאָהרען האָט מען נור אויסגאַבען און קיין פערדינסט; די הכנסות קומען ערשט פיעל שפּעטער, אָבער זיי דעקען אַלע אויסגאַבען און געבען נאָך אַ גרויסען ריוח.

נאַטירליך, זענען פאַרהאַן פּריוואַט-אונטערנעהמונגען אין ארץ-ישראל, וואָס געבען ריוח. צום ביישפּיל, עס איז פעסטגעשטעלט, אַז די פּלאַנטאַציעס פון אַפּעלסינען, מאַנדעלן, טרויבען, זיתים און פון אַנדערע פּרוכטבוימער געבען אין ארץ-ישראל אַ יעהרליכען ריוח פון 10 ביז 15 פּראָצענט פונ׳ם קאַפּיטאַל, דאָסגלייכע קאָן מען זאָגען פון אַנדערע צווייגען פון דער לאַנדווירטשאַפט, אָבער אין אַלגעמיינעם מוז מען אויסגעבען אויף אַ סך אַרבייטען גרויסע קאַפּיטאַלען, וועלכע וועלען זיך אומקעהרען פיעל שפּעטער, ווי צ. ב. ביי בעוואַלדונג, ביי אויסטריקענען די זומפּען, ביי בעוואַסערונג א. אַז. וו. אַנדערע קאַפּיטאַלען מוזען אויסגעגעבען ווערען אויף שולען, שפּיטעלער א. אַז. וו. אַזעלכע

אויסגאַבען ברענגען דער קאָלאָניזאַציע דעם גרעסטען נוצען, אָבער זיי קאָנען נישט צוריק בעצאָהלט ווערען פון די קאָלאָניסטען.

אָט די אַלע קאַפּיטאַלען מוז געבען דאָס יודישע פאָלק אין פאָרם פון קרן היסוד. ווען מיר נישט שאַפען דעם גרויסען נאַציאָנאַלען אוצר, וועט די קאָלאָניזאַציע פון ארץ ישראל נישט מעגליך זיין. מיר מוזען אין אַ קורצער צייט שאַפען גרויסע נאַציאָנאַלע געלדער אויך איבער דער יעצטיגער לאַגע אין ארץ-ישראל. אויב אין דער נאָהענטסטער צייט געפינען מיר נישט קיין געלד-מיטלען צו שיקען און צו בעזעצען אין ארץ-ישראל עטליכע צעהנדליג טויזענד יונגע לייט, וואָס וועלען בעשיצען די יודען געגען די אַראַבער, דאַן איז אונזער מלחמה פערשפּילט; דאַן וועלען די אַראַבער קאָנען פערברענען די יודישע קאָלאָניעס און אויסקוילען די יודישע בעפעלקערונג פון ארץ-ישראל. די פיעל טויזענדער יודען, וואָס שטרעבען קיין ארץ-ישראל, וועלען פערבלייבען אין גלות, וואו דאָס יודישע לעבען וועט ווערען אונערטרעגליך.

## מיר מוזען דאָס נויטיגע געלד בעקומען, מיר מוזען די מלחמה געווינען!

דער יוד, וואָס גיט נישט לויט זיין פערמעגען פאַר׳ן קרן היסוד און פאַר׳ן קרן קימת, וועלכע דאַרפען בויען ארץ-ישראל, בעגעהט דאָס גרעסטע פערברעכען געגען זיין פאָלק. ער איז בוגד אין זיין פאָלק און אין זיין לאַנד אין דער שרעקליכסטער שעה פון זייער גורל, אין דער שעה פונים ענטשיידענעם קאַמף פאַר דער נאַציאָנאַלער יודישער היים.

דאָס יודישע פאָלק האָט נישט די מעגליכקייט פיזיש צו צווינגען זיינע מיטגלידער, זיי זאָלען פאָלגען דעם יודישען מלחמה-בעפעהל. דעריבער זענען פאַרהאַן אַ סך יודען, בעזונדערס פון צווישען די פערמעגליכע קלאַסען, וואָס לאַכען זיך אויס פון אַזאַ בעפעהל; זיי נוצען אויס די שוואַכקייט, די נישט אָרגאַניזירטקייט פונ׳ם יודישען פאָלק לטובת פון זייערע פערזענליכע, עגאָיסטישע אינטערעסען און געגען די

בלוטיגע לעבענס—אינטערעסען פון זייער פאלק. אזעלכע יודען מאכען אונגליקליך דאס יודישע פאלק דורך זייער גלייכגילטיקייט, דורך זייער פאסיוויטעט. אזעלכע יודען זענען דעזערטירען פון דער יודישער ארמעע, וועלכע זיי פערלאזען פונקט דאן, ווען דער קאמף האט זיך שוין אנגעהויבען. זיי בעגעהען אזא פער־ברעכען נישט כדי צו רעטען זייער לעבען, ווי דער געוועהנליכער דעזערטיר, נאר כדי צו ראטעווען זייער געלד, א קליינעם טייל פון זייער געלד, וואס די יו־דישע נאציע, וועלכע געהט ממש אויס מיט בלוט, פאדערט פון זיי. זיי זענען נידעריגער פון'ם ערגסטען דעזערטיר. דאס גאנצע פאלק דארף זיך בעציהען צו די פערברעכער, אלס צו די גרעסטע שונאים פון'ם יודענטום: זאלען דידאזיגע שונאים פיהלען אויף יע־דען שריט און טריט, אין אלע געשעהענישען און אומשטענדען פון זייער לעבען, אז די יודישע פאלקס־מאסען, וועלכע ערפילען זייער חוב צו ארץ־ישראל, זענען דורכגעדרונגען מיט א געפיהל פון דער טיפסטער פעראכטונג געגען זיי.

דאס בלוט פון הונדערטער טויזענדער אונשולדיגע יודישע קרבנות, וואס זענען געפאלען אין די לענדער פון מזרח־אייראפא, שרייט פון די הייליגע קברים צו די יודען וואס לעבען: „מיר זענען געפאלען אלס קרבן פונ'ם גלות; מיר זענען פערמוטשעט און דערהרג'עט געווארען, ווייל מיר זענען געווען א מינדערהייט אין א פרעמד לאנד; מיר זענען געגאנגען פון דער וועלט, ווייל אויף דער וועלט עקזיסטירט די לעבענס־זיכערהייט נור פאר די פעלקער, וואס האבען די קראפט זיך צו בעשיצען, וואס האבען א אייגען לאנד, וואו זיי זענען אין א גרויסער צאהל און קאנען מלחמה האלטען מיט'ן שונא מיט כלי־זיין אין די הענד. מיר הא־

בען די מעהרהייס, די קראפט, די כלי-זיין ניט געהאט און מיר זענען געפאלען. מיר זענען פאר דער צייט אוועק פון דער וועלט, אבער מיר האבען געלאזט יתומים, אלמנות, עלטערן, ברידער און שוועסטער; מיר האבען געלאזט דאס אונגליקליכע, פערפאלגטע, בלוטענדע יודיש פאלק. זאלען אונזערע יתומים און אלמנות, אונזערע ברידער און שוועסטער, זאל דאס גאנצע יודישע פאלק ניט האבען אונזער פינסטערען מזל, אונזער שרעקליכען סוף! יודען, שטרענגט אן אלע אייערע כחות, ברענגט אלע קרבנות, כדי איהר זאלט אין גיכען ווערען א גרויסע קראפט אין אייער אייגען לאנד. פאלגט די בעפעהלען פון די ציונים, וואס פיהרען אייך אויף דעם וועג פון אויסלייזונג, קראפט און פרייהייט!"

אט די ווערטער הער איך די גאנצע צייט קלינגען פון די פרישע קברים פון אונזערע אונצעהליגע קרבנות.

די פריהעריגע יודישע דורות, די געפאלענע יודען פון אלע צייטען, ווי די קרבנות פון די לעצטע יאהרען, האבען אלע גע־גלויבט אין משיח'ן, אין דער אויפלעבונג פונ'ם יודישען פאלק אין ארץ־ישראל. דאס גלויבען אין ציון, די האפנונג אויף דער יודישער בעפרייאונג איז תמיד געווען דאס טיפסטע, הייליגסטע גלויבען פון אלע פערגאנגענע יודישע דורות, און אצינד איז דאס דער גלויבען, דער ווילען פונ'ם לעבעדיגען יודישען פאלק. און דערפאר, די יודען, וואס העלפען ניט מיט אלע כחות, מיט געלד און ארבייט, אויפצובויען ציון, זענען די נידריגסטע פערברעכער געגען אלע פערגאנגענע דורות פונ'ם יודישען פאלק, געגען דעם יעצט לעבענדען פאלק און אויך געגען אלע קומענדיגע יודישע דורות!

די יודישע פערגאנגענהייט, די געגענווארט און די צוקונפט שרייען צו די פערברעכער, וואס ווילען זיך ניט רעכנען מיט די יודישע לעבענס-אינטערעסען: „אויף די קעפ פון די יודען, וואס זייערע נשמות דורשטען נור געלד, אויף די קעפ פון די יודען, וואס זאמלען אוצרות פאר זיך און געבען גראשענס פאר דער פאלקס-בעפרייאונג, אויף די קעפ פון די יודען, וואס צוליב זייער

שווינדעל און פֿאַלשקייט צו אייגענעם פֿאָלק, ווי צו די אַרומיגע פֿעלקער, ווערען פֿערפֿאָלגט און געהען צו גרונד די ליידענדע יודישע פֿאָלקס-מאַסען, — אויף די קעפּ פֿון די דאָזיגע יודען פֿאַלט דאָס אונשולדיגע, הייליגע בלוט פֿון די פֿיעלע טויזענדער יודישע קרבנות! נישט די ווילדע הײַדאַמאַקעס פֿון אוקראַינאַ, ניט די פֿאַנאַטיזירטע אַראַבער פֿון ארץ-ישראל, ניט די באַנדיטען פֿון אַנדערע לענדער, ניט זיי זענען די אמת'ע רוצחים פֿונ'ם יודישען פֿאָלק. זיי, די ווילדע מערדער, פֿערניכטען יודען, אָבער נישט דאָס יודענטום, נישט די צוקונפֿט; זיי, די מערדער, זענען אַ שאַנד פֿאַר זייערע פֿעלקער, וועלכע טראָגען די מאָראַלישע פֿעראַנט-וואָרטליכקײַט פֿאַר זייערע פֿערברעכער. אָבער די יודען, וואָס לאַכען זיך אויס פֿון ציון, וואָס פֿעראַכטען דעם הייליגסטען גלויבען פֿון די פֿערגאַנגענע דורות און די לעבענס-אינטערעסען פֿון דעם לעבעדיגען יודישען פֿאָלק, די יודען, וואָס נאַרען אָב זייער פֿאָלק ווי אויך פֿרעמדע פֿעלקער, אָט די יודען זענען די אמת'ע רוצחים פֿונ'ם יודישען פֿאָלק. די דאָזיגע יודען זענען אַ שרעקליכע שאַנד פֿאַר אונזער פֿאָלק, פֿאַר זיי טראָגען מיר אַלע די שווערע פֿער-אַנטוואָרטליכקײַט פֿאַר דער גאַנצער וועלט. דורך די יודען קומען מיר ניט צו דער בעפֿרײַאונג און בלײַבען צוזייט און צושפּריט איבער דער וועלט, אָהנמעכטיג צו בעשיצען אונזער לעבען און כבוד! דורך די דאָזיגע יודען, דורך זייערע ווערטער און מעשים ווערט אָבגעשוואַכט דער גלויבען, די ענערגיע, די אָפּפֿערוויליקײַט פֿון זעהר פֿיעל יודען, וואָס האָבען נאָך אין זיך אַ געזונדען קערן און וואָלטען געקאָנט מיטהעלפֿען אויפֿצובויען דאָס יודישע לאַנד!"

זאָלען אַלע יודען, וואָס ווילען באמת אָבראַטעווען פֿונ'ם גלות דאָס יודישע פֿאָלק פֿון איצט און די אַלע קומענדיגע יודישע דורות, זאָלען זיי וויסען, אַז עס איז געקומען די העכסטע צײַט צו ערפֿילען דעם חוב פֿאַר'ן פֿאָלק און פֿאַר זײַן לאַנד!

ארץ-ישראל האָט געוואַרט פֿיעל יאָהרהונדערטער אויף אונז. די יודען האָבען זיך תמיד אַהין געריסען, אָבער די פֿעלקער האָבען אונז נישט געלאָזט אַהין קומען און זיך דאָרט פֿרײַ בעזעצען. די שאַנד און דאָס פֿערברע-

**כען פֿונ'ם יודישען גלות איז געפֿאַלען ביז יעצט נישט אויף יודען, נור אויף די פֿיינדליכע פֿעלקער. יעצט אָבער האָט די קולטור-מענשהייט פֿעררינכט דאָס וועלט-פֿערברעכען געגען דעם יודישען פֿאָלק! זייט דעם בעשלוס פֿון סאַן-רעמאָ קאָנען מיר זיך פֿריי בעזעצען אין אונזער לאַנד. אויך אויב מיר טהון עס נישט, פֿאַלט די שולד, דאָס פֿערברעכען פֿונ'ם גלות נישט אויף קיינעם, נור אויף אונז אַליין!**

דאָס לאַנד, וואָס איז געוועזען און וואָלט יעצט ווידער אַמאָל געקאָנט ווערען ארץ-ישראל, אַ פֿריי און זעלבסטשטענדיג יודיש לאַנד, ווערט בעפֿעלקערט ווערען פֿון אַראַבער און וועט אויף אייביג זיין פֿערלוירען פֿאַר יודען. מיר וואָלטען די שולד פֿון אַזאַ פֿערברעכען נישט געקאָנט מעהר טראָגען אויף אונזערע פּלייצעס. מיר וואָלטען אונטער אַזאַ מאָראַלישער לאַסט נישט געקאָנט ווייטער לעבען. דער גלות וואָלט פֿערשווינדען געוואָרען נישט דורך אונזער אויפֿלעבונג אין פֿרייען לאַנד, נור דורך אונזער לאַנגזאַמען זינקען ביז'ן נאַציאָנאַלען טויט! — קאָן עס זיין!? וועלען יודען דאָס דערלאָזען? האָבען מיר צוואַנציג יאָהרהונדערטער איבערגעטראָגען די שרעקליכסטע רדיפֿות, די בלוטיגע פֿערברעכען געגען אונז פֿון אַלע פֿעלקער און דאָך געקעמפּט און געבליבען לעבען, האָבען מיר דאָס נישט געטהון צוליעב אונזער לאַנד און נישט צוליב אונזער פֿרייהייט, נור צוליב אונזער אייביגער קנעכטשאַפֿט און ענדגילטיגען טויט דורך אונזער אייגענער שולד? וועלען יודען ביז'ן טויט נישט פֿערשטעהען, פֿאַר וואָס פֿאַר אַ לעבענס-געפֿאַהר דאָס יודישע פֿאָלק שטעהט יעצט און טהוט גאָרנישט אין דער צייט, ווען עס קאָן און מוז אַלץ טהון?

יודען! די גרויסע היסטאָרישע שעה פֿון דער יודישער פֿאָלקס-בעפֿרייאונג איז געקומען; די ציוויליזירטע מענשהייט וואַרט און וויל זעהן, וואָס איהר וועט אויפֿטהון מיט דער גרויסער ערלויבניש, וואָס זי האָט אייך געגעבען צו בויען אייער לאַנד.

**ארץ ישראל וואַרט אויף זיין פֿאָלק און רופֿט צו**

איהם: „יודען! גיט אייער געלד דעם קרן היסוד. טראָגט צו דעם פאָלקס־שאַץ א גרויסען טייל פון אייער פערמעגען. זאמעלט אין דער גיך דעם גרויסען פאָלקס־אוצר. און דאן קומט מיליאָנען־ווייז אין אייער אַלטער היים! בעארבייט מיינע פעלדער, פערדייט מיין לאנד, פערפלאַנצט מיינע בערג, בויעט דערפער און שטעדט, און איך וועל אייך מאַכען פאַר א פרייע און שטארק פאָלק, פון וועלכען די אומות פון דער וועלט וועלען ווידער אמאָל לערנען גערעכטיגקייט, יושר און מענשליכקייט"!

ד״ר יהושע בוכמיל.

ווארשא, 3 יולי 1921.

